# מיין בוך

## לערנבוך פאַרן פערטן קלאַס

א. גאָלדבערג און מ. שיפריס

יידישער קאָאָפּעראַטיווער פאָלקס-פאַרלאַג
פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן
אָקטאָבער, 1939.



# קינדער

● ל. מילער

גייט דער ניי־געבוירענער פרימאָרגן
ביי די פענצטער אום,
קליינע קינדער וועקן —
שפּילט ער אוים מיט שטראַלנדיקע פינגער
אויף די שויבן,
זיין מאָרגן־ליד, זיין רוף:
קינדער, קינדער, שטייט שוין אויף!

עפענען קינדער אויף די אויגן,
פרייען זיי זיך מיט דעם ליכט פון טאָג.
אויסגעשלאָפן, אויסגערוט,
זיינען קינדער ליב און גוט.
פאָלגט מען וואָס די מאַמע הייסט,
עסט מען וואָס די מאַמע גיט,
פרייט די מאַמע זיך דערמיט,
וואָס די קינדער זיינען גוט,
און פאַר ליבע, און פאַר גליק
פינקלען טרערן אין איר בליק.

נאָר וואָס ווייסן קינדער דען?
איידער וואָס און איידער ווען.
וואַרט דער טאָג שוין ביי דער שוועל,

כאַפּן זיי די ביכער שנעל
און מען איילט אַוועק אין שול.

לערנען קינדער גוט און פלייסיק,
און זיי ווייסן:
אַז דער טאָג אין דרויסן
וואַרט גערודלדיק.
נאָכן לערנען וועט מען שפּילן
איינע פון אַ טויזנט שפּילערייען.
די זון וועט וואַרעמען,
פון געפּאַר זיי היטן
מיט ליבע און דערבאַרעמען.

שפּילן זיך די קינדער
האַרציק, גוט און שיין,
ביז עס דאַרף דער טאָג פאַרגיין
אין אַן אַנדער לאַנד אַ ווייטן,
ברענגען אויך צו יענע קינדער דאָרטן
ליכט און שפּיל און פרייד.

ברענגט דער אָוונט אַלע קינדערלעך אַהיים.
ברענגען זיי פון דרויסן מיט
אין די האָר אַ הויך אַ קילן.
מיד פון יאָגן זיך און שפּילן,
עסט מען וואָס די מאַמע גיט,
פאָלגט מען וואָס די מאַמע הייסט.
און דער טאַטע, אַז ער ווייסט,
אַז די קינדער זיינען גוט,
האָט ער שוין אַ מייסע גרייט
פון אַ פּאַסטעך און פון שאָף,
ביז עס שלאָגט דער זייגער ניין,
שלעפּערט ער די קינדער איין,
שלאָפן זיי געזונטערהייט,
ביז עס קומט דער נייער טאָג
די קינדער וועקן.

# די קינדער פון טשערי סטריט

## • כאַווער פאַווער

### 1.

אין טשערי סטריט לויפן אום אַ סאַך ייִנגלעך און מיידלעך איבער דער הייסער גאַס. מוני מיט די רויטע האָר און קורצן נעזל לויפט אויך אום. אין טשערי סטריט אויף די טרעפּ זיצן אַ סאַך מאַמעס, שמועסן איינע מיט דער אַנדערער. זיצט אויך מונים מאַמע, אַ פּולע, קיילעכדיקע ייִדענע מיט גוטע טרויעריקע אויגן. זי איז טרויעריק דערפֿאַר, וואָס איר מאַן האָט אַסטמאַ און דאַרף נעבעך אין אַזאַ הייסן טאָג זיך שטיקן אין שאַפּ, וואו מען מאַכט פוטערנע קאָלנערס.

אין טשערי סטריט דאַרף נאָר איין קינד מיט אַ ניקל אין דער האַנט אויסרופן:

— היי, כעווערע! איך גיי אין די מואווים — און באַלד הייבט זיך אויף אַ געוויין בײַ אַלע הייזער:

— מאַמע, אַ ניקל, איך וויל גיין אין די מואווים. מאַמע, אַ ניקל.

### 2.

אין דער מואווי איז אַ שווערע לופט און ס'איז פינצטער. אָבער אויפן לייוונט איז ליכטיק. אַזוי פיל קינדערשע פּענעמער פון טשערי־סטריט קוקן אויפן לייוונט.

אויפן לייוונט איז אַ גרויסער באַרג און אויפן באַרג פּאָרט אַ רייטער אויף אַ הויך ווייס פערד. דאָס איז דער באַרימטער מואווי־העלד גערי; און דער רייטער שיסט פון אַ פּיסטאָלעט. ער שיסט און אַ מענטש פאַלט טויט, פרייען זיך די קינדער פון טשערי סטריט אַזוי שטאַרק, וואָס אַ מענטש פאַלט טויט. פרייט זיך אויך מוני מיט די רויטע האָר. שיסט ער, דער רייטער, אויף אַ צווייטן מענטשן, פאַלט יענער אויך טויט. האַקלאַל, אַלע מענטשן פאַלן טויט, און די קינדער פון טשערי סטריט פרייען זיך און אַפּלאָדירן.

ענדיקט זיך די מואווי, לויפן די קינדער פון טשערי סטריט אַרויס אין דרויסן. לויפט אויך אַרויס מוני מיטן קורצן נעזל. איז שוין פאַר־נאַכט און אַלע טאַטעס גייען פון דער אַרבעט, מידע, אָפּגעשוואַכטע. גייט אויך מונים טאַטע פון דער אַרבעט אַ מידער און אַן אָפּגע־

שוואַכטער. מוניס טאַטע האָט אויך רויטע האָר, פּאַכעט זיך מיט אַ טיכל און קען קוים כאַפּן דעם אָטעם.

קומט אויך פון דער אַרבעט אָנקל וועלי פון גאַליציע. ער אַרבעט אויך אין אַ שאַפּ, וואו מען מאַכט פוטערנע קאָלנערס. פּאַכעט ער זיך מיט אַ פאַטשיילע דאָס פּאָנעם און קען אויך קוים כאַפּן דעם אָטעם!

## 3.

אין דער קענדי סטאָר אויף טשערי סטריט פאַרקויפט מען בלייענע פּיסטאָלס, וואָס שיסן מיט רויך. וויינען שוין די קינדער און לאָזן ניט די מאַמעס גרייטן צום טיש געבן עסן די טאַטעס. זיי ווילן ניקלס צו קויפן פּיסטאָלס, וואָס שיסן מיט רויך. שרייען די טאַטעס פון טשערי סטריט אויף זייערע קינדער און גיבן פּעטש. האָבן ראַכ־מאָנעס די מאַמעס פון טשערי סטריט אויף זייערע קינדער, וואָס כאַפּן פּעטש. שרייען זיי אויף די טאַטעס. ווערט אַ קריגערייַ און געוויינערייַ.

וויינט אויך מוני און וויל אַ ניקל צו קויפן אַ פּיסטאָל, וואָס שיסט מיט רויך. וויל אים דער רויטער טאַטע זיינער שלאָגן, קען אָבער מוני לויפן, אַנטלויפט ער אין גאַס אַריין.

ווערט שפּעט אין דער נאַכט. זיינען די פענצטער אָפן צו דער גאַס. שלאָפט דער טאַטע, שלאָפט די מאַמע. שלאָפט אויך מוני אין בעט מיטן אָנקל וועלי פון גאַליציע, אין אַ צימער אָן פענצטער. האָט ניט קיין לופט דער אָנקל וועלי, כאַפּט ער זיך אויף און קען שוין ניט איינשלאָפן. כראָפּעט מוני און ס׳כאָלעמט זיך אים, אַז ער האָט שוין יאָ אַ פּיסטאָל און ס׳שיסט עמעסן פייער. און ער שיסט אויף אַלע קינדער פון טשערי סטריט, פאַלן זיי טויט. ס׳טוט אים ווי ס׳האַרץ און ער הייבט אָן שרייען פון שלאָף. וועקט אים אויף דער אָנקל און פרעגט אים מיט אַ גוט קאָל:

— וואָס איז, מונילע, וואָס וויינסטו?

אָבער מוני ווייסט שוין ניט וואָס ער וויינט. ער האָט שוין פאַר־געסן זיין כאָלעם און ער קען אויך ניט איינשלאָפן צוליב דער היץ. דערציילט אים דער אָנקל וועגן גאַליציע:

— אוי, ווי ס׳איז גוט אין גאַליציע, ס׳איז דאָרטן דאָ אַ סאַך לופט, און מען קען זומער באַנאַכט שלאָפן גאַנץ געשמאַק. דאָ אין אַמעריקע

דאַרף מען אַרבעטן אַזוי שווער און מען קען באַקומען אַסטמאַ. אַט האָט שוין דער טאַטע דיינער אַסטמאַ, און מען וואָלט אים גאָר גע־דאַרפט אַוועקשיקן אין אַריזאָנאַ, ווייל דאָרטן קען מען גלייך געזונט ווערן. אָבער ס'איז ניטאָ קיין געלט.

אָבער מוני פאַרשטייט ניט, וואָס דער אָנקל דערציילט. ער וויל אַ פּיסטאָל. אוי, ווען ער האָט אַ פּיסטאָל!

## .4

וואַקסן די קינדער פון טשערי סטריט, ווערן שוואַכער די טאַטעס, וואָס אַרבעטן אַזוי שווער. ווערן גרוי די מאַמעס, וואָס זאָרגן זיך אַזוי פיל וועגן זייערע קינדער.

וואַקסן די קינדער פון טשערי סטריט און כאָלעמען. יעדעס קינד האָט זיין באַזונדערן כאָלעם.

וואַקסט אויך מוני און כאָלעמט. און זיין כאָלעם איז צו ווערן אַ העלד. אים מאַכט ניט אויס וואָס פאַר אַ סאָרט העלד, צי אַזוי רייך ווי ראַקעפעלער, צי אַזוי באַרימט ווי דער בעסטער בייזבאָל־שפּילער פון אַמעריקע, צי עפּשער גאָר אינגאַנצן דער פּרעזידענט פון אַמעריקע. אָבער דערווייל שפּילט ער זיך מיט פּיסטאָלס און זיין טאַטע גיט אים פּעטש און צעברעכט זיי.

קושט די מאַמע דערנאָך איר מיזיניק און וויל אים איבער־בעטן. זי לייגט אים אין בעט מיטן אָנקל וועלין פון גאַליציע. האָט ראַכמאָנעס דער אָנקל אויף זיין ווילדן פּלימעניק, רעדט ער צו אים אין דער שטיל מיט זייער גוטע רייד:

— און דו, מונילע, זעסט דען אַליין ניט, אַז פּיסטאָלס איז אַ נאַרישקייט? לערן זיך בעסער ווי צו פאַרשטיין דאָס לעבן פון די אָרעמע מענטשן. דיין טאַטע איז קראַנק, דיין מאַמע איז שוין גרוי, וואָלסט גאָר געדאַרפט טראַכטן, ווי אַזוי אַרויסצוהעלפן דיינע אָרעמע עלטערן.

געפעלט דעם יינגל, וואָס דער אָנקל רעדט צו אים אַזוי גוט, און ער קלערט, אַז ער האָט אים געווים ליב פונקט ווי זיין מאַמען. פאַר־געסט מוני צוליב דעם פעטערס גוטע רייד דעם טאַטנס פּעטש. פאַרמאַכט ער די אויגן און ווערט אַנטשלאָפן אַ גליקלעכער.

# דער ערשטער טאָג אין סקול

## • שאָלעם אַש

שוין צוויי וואָכן איז ער, יאָסעלע, דאָ אין אַמעריקע, און ער וואונדערט זיך, וואָס קיינעם איז נאָך נישט איינגעפאַלן, מען זאָל אים אין כיידער פירן צו אַ רעבן. מען זאָגט אים, אַז מען וועט אים אין אַ סקול פירן, דאָרט וואו זיינע ברידער כייעם און בערל גייען. און דאָרטן וועט ער אויך אָן אַ היטל זיצן און לערנען ווי זיי. דערווייל דרייט ער זיך אין שטוב אַרום מיט דער מאַמען (ער האָט מוירע אין גאַס אַרויסצוקוקן). וויפיל די ברידער האָבן אים נישט אין גאַס אַרוים־געצויגן, האָט ער נישט געוואָלט. ער האָט מוירע געהאַט פאַר דער פרעמדער גאַס. אַזאַ גרויסן ראַש הערט מען פון דער גאַס אַרוים. דרייט ער זיך אַרום ווי אַ פרעמדער און ער קען זיך אַלץ נישט צו־געוואוינען צו דער שטוב. אַלץ קומט אים אוים פרעמד דאָ: די שטוב, די ברידער און אַפילע די מאַמע אויך. עפּעס אַנדערש גייט זי אָנגעטאָן ווי אין דער היים און רעדט אַנדערש ווי אין דער היים. ווייס ער נישט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז. זיין גאַנצע מישפּאָכע איז אַ סאַך פריער פון יאָסעלען קיין אַמעריקע געקומען, און איצט דערקענט ער זיי גאָרנישט.

דורך די אָפענע טיר און פענצטער רייסט זיך דער ראַש פון דער גאַס אַריין. מען טומלט אין דרויסן, מען שרייט און אַ שפּיל־קאַסטן שפּילט. שלעפּן אים די ברידער אויף דער גאַס אַרוים. אויף דער גאַס איז ליכטיק און אַזוי פיל קינדער זיינען דאָ, און אַ קאַסטן שפּילט, און די קינדער שטייען אַרום דעם קאַסטן און טאַנצן; דאָרט זאַמלען קינדער פּאַפּירן און צינדן אַ פייער אונטער. און אַלע פרייען זיך און לאַכן, און ער שטייט פון דער ווייטנס און האָט מוירע צוצוגיין. די ברידער שלעפּן אים און ער רייסט זיך פון זייערע הענט אַרוים. האָט מוירע פאַר די פרעמדע קינדער, האָט מוירע פאַר דעם ראַש און לויפט צוריק אין שטוב אַריין און באַהאַלט זיך אין אַ ווינקל.

עס איז געקומען די צייט, מען האָט געמוזט יאָסעלען אין סקול אָפּגעבן.

מען איז שוין געווען איינזיקע מאָל פון דער סקול און געפרעגט

אויף אים. די מוטער האָט אים בײַ דער האַנט אָנגענומען. בערל זיין ברודער איז מיטגעגאַנגען און מען האָט יאָסעלען צו דער סקול געפירט.

אַרײַנגעקומען אין אַ גרויס הויז. יאָסעלע האָט מוירע געקראָגן, נאָר געזען ווי זיין ברודערל בערל פירט זיך היימיש דאָרט, גריסט זיך מיט אַלע, איז ער אַ ביסל רואיקער געוואָרן. בערל האָט זיי אַרײַנגעפירט אין דער קאַנצעלאַריע אַרײַן, וואו מען האָט יאָסעלען פאַרשריבן (לאַנג האָט די מוטער געמוזט טײַנען מיט אים, ביז זי האָט געפּויעלט אַז דאָס ייִנגל זאָל דאָס היטל אויסטאָן — ער האָט זיך פאַרדעקט מיט ביידע הענט דעם קאָפּ). ער האָט פאַרוואונדערט אָנגעקוקט בערלען, ווי ער שטייט און טײַנעט זיך אוים מיט אַ הויכן מאָן אויף אַ פרעמדער שפּראַך און ער האָט גאָר קיין מוירע נישט. דערנאָך האָט בערל יאָסעלען בײַ דער האַנט אָנגענומען און אַרײַנגעפירט אים אין אַ גרויסן זאַל אַרײַן.

יאָסעלע האָט נישט געוואָלט אַרײַנגיין, ער האָט מוירע געהאַט און מיטגעצויגן די מאַמע — „קום מיט!“

— גיי, קינד, גיי, האָב נישט קיין מוירע, זעסט דאָך בערל איז דאָך אויך דאָרט.

נאָר ווי יאָסעלע איז אין דעם גרויסן זאַל אַרײַנגעקומען, אַזוי איז ער דערשטוינט געבליבן. אַזאַ שטוב האָט ער נאָך ניט געזען, גרעסער ווי אַ שול, און אַלע קינדער זיצן אַרום אויף שטולן. ער האָט נישט באַמערקט ווי מען האָט אים אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול. ער האָט געקוקט אויף דער בינע. דאָרט זײַנען געשטאַנען פּריצים און פּריצעטעס און מען האָט געשפּילט אויף אַן אינסטרומענט, וואָס האָט געמוזט זיין אַן אָרגעל. דער אָרגעל האָט געשפּילט און די קינדער האָבן אַלע מיטגעזונגען אַ ליד, וואָס ער האָט נישט פאַרשטאַנען. נאָר עס איז אַזוי שיין געווען.

באַלד האָט דאָס געזאַנג אויפגעהערט, די קינדער האָבן זיך אָנגעהויבן מיט ראַש צו צעגיין און ער איז פאַרוואונדערט געוואָרן, דערזעענדיק ווי בערל גייט צו צו איינער פון די פּריצעטעס און רעדט מיט איר, און פרייט זיך מיט איר און האָט גאָרנישט קיין מוירע פאַר איר. און באַלד קומט די זעלבע פּריצעטע צו צו אים. בערל ווייזט עפּעס מיט דער האַנט אויף אים און רעדט מיט איר. זי גייט צו צו אים און נעמט אים אָן מיט דער האַנט בײַ דעם הענטל און קוקט אים

אָן מיט אַ ליבלעכן שמייכל און רעדט עפּעס צו אים. יאָסעלע ווערט פאַרשעמט, לאָזט אַראָפּ דאָס קעפּל, באַהאַלט די אויגן. זי הייבט אים אויף דאָס פּאָנעם און ווידער שמייכלט זי אַזוי ליבלעך צו אים און גלעט אים מיט דער האַנט איבערן קעפּל. יאָסעלע ווערט זייער פאַרשעמט און דאָס פּאָנעם ווערט אים רויט. באַלד נעמט זי אים אָן פאַר דער האַנט און פירט אים אַרויס פון זאַל. זי שפּרינגט מיט אים אַרויף אויף די טרעפּ און רעדט אַלץ צו אים, און שמייכלט אַלץ צו אים, און דערציילט אים און ווייזט אים מיט די הענט. יאָסעלע ווייס ניט וואָס זי וויל, ווייסט איבערהויפּט נישט, וואָס עס טוט זיך מיט אים מער. עפּעס איז עס ווי אַ כאָלעם, און וואָס טוט ער דאָ, און ווער איז זי?

באַלד ברענגט זי אים ווידער אין אַ זאַל אַריין. קינדער זיינען דאָרטן און אַז זיי האָבן זי דערזען, זיינען זיי זי באַפאַלן מיט געלעכטער און פרייד. זי ווייזט די קינדער אויף יאָסעלען און אַלע קוקן אים אַזוי נייגעריק אָן. און זי נעמט אים בײַ דער האַנט און זעצט אים אַוועק, און נעמט פּאַפּיר און לייגט פאַר אים, און אַ בלייפעדער גיט זי אים אין האַנט אַריין און ווייזט אים אויף אַ מענטשעלע, וואָס איז אויסגעמאָלט אויף אַ טאָוול און הייסט אים, אַז ער זאָל נאָכמאָלן דאָס מענטשעלע, און גייט איבער צו די אַנדערע קינדער.

יאָסעלע זיצט מיט דער בלייפעדער אין האַנט און הויבט זיך אָן ביסלעכווייז אַרומצוקוקן, וואו ער געפינט זיך דאָ. די זון שיינט אַריין דורך די גרויסע אָפענע פענצטער, די זעלבע זון וואָס האָט אַרייַנגעשיינט בײַ דעם רעבן ייצכאָק-יודל דאָרט אין לענשנע, פון וואַנען ער איז מיט צוויי וואָכן צוריק געקומען.

און ווי ער קוקט אַזוי אויף דער זון, וואָס שיינט אַריין דורכן פענצטער, האָט אים אַ גרויס בענקעניש אָנגענומען נאָך ייצכאָק-יודלס כיידער. ער האָט געוואָלט וויינען, נאָר ער האָט זיך געשעמט פאַר די אַלע קינדער אַרום, איז ער געבליבן זיצן, ווי אין אַ פרעמדער וועלט, ווי דאָס וואָלט אַלץ אין כאָלעם פאָרגעקומען.

באַלד רופט זיך עפּעס אָן צו אים ווער. ער קוקט זיך אום און זעט, אַז דאָס יינגל מיט די צעשויבערטע האָר, וואָס איז געזעסן לעבן אים, רעדט עפּעס צו אים אויף אַזאַ לאָשן, וואָס נישט ער און נישט די קינדער אַרום אים האָבן פאַרשטאַנען.

ער איז געווען אַן איטאַליעניש יינגל, וועלכער איז פון סיצילישן

דאָרף אָנגעקומען אין דער גרויסער אַמעריקאַנער שטאָט, אין דער אַמעריקאַנער סקול, און זיצט שוין דאָ פיר טעג און פאַרשטייט נישט קיין וואָרט וואָס די קינדער רעדן, און קיינער פאַרשטייט 'אים נישט.

דאָס איטאַליענישע יינגל האָט געפרעגט יאָסעלען, אויב ער קומט אויך אַרויס פון דעם דאָרף ציראַנע, פון וואַנען ער קומט. יאָסעלע האָט נאָר מיט שרעק אים אָנגעקוקט און זיך אָפּגערוקט פון אים. ווייזט אויס, אַז די פרעמדע סוויווע און דאָס אומפאַרשטענדלעכקייט אַרום זיך האָט דעם איטאַליענישן יינגל אַזוי אויפגערעגט, אַז ער האָט זיך געוואָרפן אויף יאָסעלען מיט די קולאַקעס.

די לערערין האָט עס באַלד באַמערקט, צוגעקומען און באַרואיקט דאָס יינגל, יאָסעלען איבערגעזעצט אויף אַן אַנדער בענקל, געקוקט אויף אים אַזוי ליבלעך און באַרואיקט אים מיט דער האַנט אויפן קעפּעלע און געזאָגט צו אים די יידישע ווערטער: „האָב נישט קיין מוירע.”

אַז יאָסעלע האָט דערהערט די יידישע ווערטער פון דער פריצעטע, האָט ער זי אָנגעקוקט פאַרוואונדערט. פון וואַנען קען זי יידיש? נאָר פון דעמאָלט אָן האָט דער בליק פון אירע מילדע אויגן אים באַרואיקט און ער האָט געהאַט צו איר צוטרוי.

# די שפּיז און די נאָדל

(מאָשל)

● א. שטיינבאַרג

איינער (ראובן, שמעון אָדער איקס)
קומט פון דער מילכאָמע מיט אַ שפּיז און מיט אַ ביקס
און שפּאַרט אָן זי אין קאַמאָדל,
וואו געשטעקט האָט אַ דינע נאָדל.
— אָט אַ נאָדל, אָט אַ ריז!
(טראַכט דאָס נעדעלע, דערזעענדיק די שפּיז.)

קלײדער מאַכט אַוואַדע זי פֿון אײַזן, צי פֿון בלעך,
און אויף גיך, מיט ריזנשטעך
פֿאַר אַ גאַנג־אומאַגנעג מיסטאָמע, צי אַזוי אַ ריז אַ גאָדל...
און די שפּיז? זי קוקט, באַטראַכט די נאָדל:
אָט אַ שפּיזעלע אַ שרעטל!
אַ וואונדער, וואָס סע לויפֿט זיך נישט צונויף דאָס שטעטל
אויף דעם שנעקעלע צו קוקן!
קאָמיש! אַזוי קאָמיש! נו, ווי מאַכט מען נישט מיט אים קיין שפּאַס?
— זאָג מיר, ברודערל, נישט שעם זיך: עמעס, וואָס מען שמועסט
אין גאַס? *
ביסט אַ פֿײַער! קומסט אין גאַס, איז מעסוקן:
מיטאַמאָל דערשטעטעכסטו, זאָגט מען, אַ זיבן פֿליגן!
— ליגן! — שרײַט די נאָדל — ליגן!
לײַוונט שטעך איך, לײַוונט! ס'איז אַזאַ מין סכוירע...
— כאַ, כאַ! — שיסט די ביקס אוים אַ געלעכטער —
כאַ, כאַ, כאַ! ער שטעכט גאָר לײַוונט; לײַוונט שטעכט ער!
— וואָס־זשע ווילט איר? (פֿרעגט די נאָדל) איך זאָל שטעכן בלעך?
עך, עך,
ווען ווי איר איך בין גרוים!
— אוי, געוואַלד, איך האַלט נישט אוים!
(שרײַט די ביקס) — איך פּלאַץ! איך שים!
— זײַט מיר מויכל! (זאָגט די נאָדל) נישט געמיינט צום שלעכטן!
נישט קיין לײַוונט, נישט קיין בלעך — איז וואָס־זשע שטעכן?
— מענטשן שטעכט מען! מענטשן! (זאָגט די שפּיז)
אָבער דאָ האָט די נאָדל שוין גענומען לאַכן,
נאָר אַ לאַכן — עפּשער לאַכט זי נאָך:
כי, כי, כי! און אַך, אַך, אַך! און אָך, אָך, אָך!
— שטעך איך, זאָגט זי, לײַוונט, מאַך אַ שטעכל נאָך אַ שטאָך,
ווערט אַ העמדל, ווערט אַ מאַלבעש — זאַכן;
אָבער מענטש — שטעך היינט, שטעך מאָרגן אים, וואָס וועסטו פֿון
אים מאַכן?

# דער קאָטער פון בראָנזוויל

## ● יאָסל קאָטלער

מיסטער קאָטער זאַוול איז אַ קרעפּטיקער גרויער קאָטער מיט אַ שווערן עק. ער מאַכט זיך אַ לעבן מיט זיין פאַמיליע פון גוטער קעסט, וואָס ער באַקומט פון אַ רייכן ליידיקגייער אויף ריווערסייד דרייוו.

זיין פרוי גיטל איז אַ קאָשערע ראַבע קאַץ מיט האַרטע וואָנצעס און אַ ברייטער נאָז. זי איז אַ זויבערע באַלעבאָסטע, צעוואַשט מיטן צונג די טעלער, בראָקט לאָקשן מיט די נעגל, און שטריקט אויס סוועטערלעך מיט די וואָנצעס.

אָבער אַ בעניאָכיד האָבן זיי, שוין איינמאָל אַ בעניאָכיד. אַ קליין שוואַרץ איציקל מיט פייער אין די אייגלעך. ס׳ברעכט ברילן, דראַפּעט פאָרהענגלעך, טאַנצט אויף דער שאַפע און מייזלעך נעמט ער נישט אין מויל אַריין. דער פאָטער, קאָטער זאַוול, נעמט אַ מאָל איינטיינען מיט זיין איציקלען.

— וואָס — זאָגט ער — טראַכסטו זיך? — קיין מייז כאַפּסטו נישט, קיין הינער דושעסטו נישט, אַ האַלבן עק האָט דיר אַ הינטל אָפּגעביסן, אַן אויער האָסטו געפּאַטערט אין אָרטשאַרד סטריט. גענוג! גענוג געהוליעט! לויט דער מאַמעס רעכענונג באַדאַרפסטו שוין אַלט זיין קנאַפּע פיר כאַדאָשים. איך אין דיינע יאָרן האָב שוין געהאַט א י י נ י ק ל ע ך עלטערע פון דיר.

איציקל הערט דעם פאָטער־קאָטער ווי דעם קאָטער. ער היט זיך נאָר, אַז דער פאָטער־קאָטער זאָל אים נישט אַ גראַבל טאָן. און ווי־באַלד ער דערשמעקט טאַקע, אַז ס׳האַלט באַ פּעטש, איז ציווך — אַרויס דורכן פענצטער און גיי כאַפּ אים.

ס׳איז פיר אַזייגער באַטאָג. די מוטער־קאַץ האָט צעוואַשן די טעלער, זיך אָפּגעטריקנט די צונג אין ראַדיאַטאָר, זיך מאַנוקירט די נעגל און גענומען שטריקן אַ סוועטערל. דער פאָטער־קאָטער האָט זיך אויסגעקעמט די אויערן מיט דער לאַפּקע, איבערגעציילט די האָר פון

די וואַנצעס, אָנגעטאָן די יאַרמעלקע און זיך צוגעלייגט אַ ביסעלע שלאָפן.

ס'איז אַריינגעקומען ראָכל די „טשאַריטי-ליידי" מיט אַ בלוי סטענגעלע אויפן שפּיץ עק. ראָכל איז אַ געלע רייכע קאַץ מיט אַ וואַרעמען גוידער. זי האָט ליב טאָן מיצוועס: גאַנוועט זי גוטע זאַכן, לעקט אָפּ פון זיי דאָס פעטע, און דאָס מאָגערע צעטיילט זי צווישן אויסגעקראַכענע און אָפּגעפּאַרעטע קעץ. זי איז אַריינגעקומען מיט ווייכע פעטע טריט, געזאָגט העלאָ, געטאָן אַ נאָס מיט אַ קרעכץ און זיך אַנידערגעזעצט געגעצן. די מאַמע קאַץ האָט אַנידערגעלייגט דאָס שטריקעכץ און זיך גענומען באַקלאָגן פאַר דער געלער שכינע:

— אַז אָך און ווי די קעצענע יאָר. ס'אַ איציקל! קיין מייז כאַפּט ער נישט, קיין הינער דושעט ער נישט. נאָר ער לויפט אַרום אין דער „איסט סייד" און קומט אַהיים אַ צעדראַפּעטער, אַן אָפּגעגאָסע-נער, אַ שמוציקער. אַנישט איז דאָס אַ קאָטער? ס'אַ ריכל! מיר זאָל זיין פאַר זיין עק.

ראָכל האָט אַ הויב געטאָן דעם געלן רוקן ווי אַ בייגל און דער-ציילט:

— איר ווייסט, גיטל, איך האָב אַ גאַסט! ס'איז געקומען צו מיר מיינער אַ לאַנדסמאַן, אַן עלנטער קאָטער פון בראַנזוויל. ער איז זייער אַ געבילדעטער קאָטער. ווען ער טונקט איין דעם עק אין סמעטענע, קען ער אָנשרייבן אַן אַדרעס אויפן אויוון. און פּאָליטיק מיאַוקעט ער אַזוי ווי אַ וואַסער.

— ער איז שוין געגאַנגען אין ביזנעס מיט אַ ווייסער מויז. זיי האָבן געזאָלט עפענען אַ קאָפּעטעריע פאַר פליגן. האָט אים די ווייסע מויז פאַרבעטן צו זיך אין נאָרע אַריין אויף מיטיק, אָבער דער קאָטער האָט באַלד דערפילט אַז די מויז בייסט אים זייער שטאַרק, איז ער אַנטלאָפן זייער גיך. איצט וויל ער ווערן אַ מעלאַמעד און לערנען אַלעף-ביים מיט „בייבי"-קעצלעך אומזיסט, אַן אַ פּעני געלט.

פרעגט גיטל:

— פון וואַנען-זשע וועט ער מאַכן אַ לעבן?

ענטפערט ראָכל:

— אַלעף-ביים וועט ער טאַקע לערנען אומזיסט, אָבער גימל-דאַלעד וועט שוין קאָסטן רעבע-געלט.

זאָגט גיטל :

—איכ׳ל אים טאָקע אָפּגעבן מיין איציקלען אין כיידער אַריין. עפּשער וועט פאָרט פון אים עפּעס ווערן. אַז קיין מייז כאַפּט ער נישט, קיין הינער דושעט ער נישט, טאָ זאָל ער כאָטש ווערן אַ פּראָפעסאָר.

ראָכל האָט אַ גענעץ געטאָן און געזאָגט :

— ער וויל נישט רייך ווערן, דער מעלאַמעד. אַבי ער וועט פאַר־דינען אַלע טאָג אַ שטיקל מויזעכץ מיט „קעטשאָפּ” און זיך האָבן אַן אייגן קעסטל אויף צו שלאָפן, וועט ער זיך לעבן גליקלעך אַזוי ווי אַ הונט.

ווי מען רעדט אַזוי, טוט פּלוצים אַ פלי אַריין איציקל דורכן פענצטער און — פויץ אונטערן בעט. בײדע קעצענע ווייבער האָבן זיך דערשראָקן און דער פאָטער־קאָטער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף. באַלד נאָך איציקלען האָט זיך אַריינגעקייקלט דער בראָנז־ווילער קאָטער אַ צעדריבלטער, מיט אַן אָפּגעצופּטן אויער. מיט אַ יאָמער און אַ קוויטש האָט ער אַרויסגעמיאַוקעט :

— וואו איז אייער איציקל, דער גרויסער גאַזלען ?

— וואָס האָט געטראָפן ? אַ בראָך צו מיר ! — האָט זיך די געלע קאַץ געגומען קראַצן דעם וואַרעמען גוידער.

— וואָס הייסט ? — ריטשעט דער מעלאַמעד — אַ גאַנצן האַלבן אויער האָט ער מיר אָפּגעריסן, דער רוציייעך, דער היטלעריסט !

— פאַרוואָס האָט ער עס געטאָן ? — פרעגט דער פאָטער־קאָטער.

— דערפאַר ווייל ער האָט זיך דערוואוסט, אַז איך בין אַ מע־לאַמעד און וועל אים נעמען לערנען צו מיר אין כיידער אַריין.

דער פאָטער־קאָטער האָט אַראָפּגעכאַפּט דעם פאַסעק פון די פלודערן און געגומען שרייען צו איציקלען אונטערן בעט :

— קום אַרויס ! אַרויס קום ! קום אַרויס ! דו היטלעריסט ! דו אויער־בייסער ! קום אַרויס !

די מוטער־קאַץ האָט געגרופן :

— קום אַרויס, מיין אויג אין קאָפּ ! קום אַרויס, מיין קליין שוואַרץ איציקל ! איכ׳ל דיך נעמען אין קאָטער־טעאַטער, וועסטו זען „מיקי מייזעלע”.

אָבער איציקל האָט געשוויגן שטיל אונטערן בעט, ביז דער

פּאָטער־קאָטער האָט זיך אַ יאָג געטאָן גלייך אונטערן בעט און קוים מיט צאָרעס אַרויסגעריסן דעם רעבנס שטיקל אויער פון איציקלס נעגעלעך.

די מוטער קאַץ האָט דאָס אויער אָפּגעוואַשן מיט וואַסער, אים צוגעשטיקעוועט צום צווייטן האַלבן אויער מיט אַ נאָדל־פאָדעם און די נאָט פאַרשמירט, קעדיי עס זאָל אויסזען גלאַט. זי האָט דעם מעלאַמעד געגעבן טרינקען אַ גלעזל וואַסער מיט צוקער און געפרעגט:

— זאָגט מיר, בראַנזווילער מעלאַמעד, וואָס זאָל איך טאָן מיט איציקלען? ווי אַזוי מאַכט מען אים פאַר אַ לייט?

דער מעלאַמעד האָט אויף גיך צעכראָמשטשעט דאָס שטיקל צוקער און געזאָגט:

— מע דאַרף אַזאַ איציקל ווי ער לערנען און שמייסן, שמייסן און לערנען, לערנען און שמייסן.

ווי איציקל האָט דערשמעקט די ביטערע געזאַלצענע רייד, האָט ער זיך אַ יאָג אַרויס געטאָן פון אונטערן בעט גלייך אויפן מעלאַמעד. דער מעלאַמעד האָט זיך אַרויסגעריסן און איז אַרויס מיט איין שפרונג דורכן פענצטער. איציקל גלייך נאָך אים. ער האָט אים פאַריאָגט אונטער אַ צעבראָכן פעסל און זיי האָבן זיך דאָרט געפערלעך גע־טשובעט. זיי זיינען פון דאָרט אַרויס, און אַנטלאָפן אויף פייק סטריט און זיך דאָרט נאָך שטאַרקער געהאַרגעט.

פאַרטאָג, ווען אַלע קעץ זיינען שוין געשלאָפן, איז איציקל אַהיים געקומען זייער אַ פריילעכער. עס האָט אים געפעלט אַן אויער, אָבער ער האָט געבראַכט אַהיים דעם רעבנס עק.



# די לעוואָנע דערציילט

## י. ל. פּערעץ ●

פון אַן איינגעבויגן הייזל גייט אַרויס אַ באָרוועס יינגל, שלעכט געקליידט (די שמאַטעס האַלטן זיך אויף אים קוים), און קעגן איבער, פון אַ צווייט הויז, קימאַט אַ כורווע, קומט אויך אַרויס אַזאַ יינגל.

קוים זיינען זיי איינער צום צווייטן צוגעקומען, האָט מען שוין ניט געוואוסט וועלכער עס איז אַרויס פון וועלכן הויז. ביידע אויס־געדאַרט, מיט ברענענדיקע אויגן, ביידע ציטערן פאַר קעלט, עפּשער פאַר הונגער אויך.

איך הער, ווי זיי שמועסן:

— פּאַרטיק?

— און דו?

— אויך!

— האָסט געגעסן?

— ניין... דער טאַטע האָט ניט געבראַכט.

— מיינער—קראַנק; די מאַמע וויינט...

— גייען מיר?

— בעסער לויפן... ס'איז קאַלט...

— נו!

זיי לויפן פייל פון בויגן אין שטאָט אַריין.

איך קוק זיי נאָך.

באַ איינעם פון די שענסטע הייזער שטעלן זיי זיך אָפּ.

— זעסט! מיין פעטערס הויז! — מאַכט איינער שטאָלץ.

דער צווייטער ווייזט אויף אַ הויז קעגן איבער.

— דאָס איז מיין פעטערס!

— מיין פעטער האָט אָבער געבראַכט אַן אַראַביש פערדל פאַר זעכצן טויזנט!

— מיינער האָט אַ קאַרעטע מיט פיר פערד, ווי די לייבן!

— מיינער האָט עפּשער טויזנט דערפער!

— מיינער — עפּשער הונדערט שטעט.

— פערד, ביי מיין פעטער איז דאָס מעבל פון גאָלד!

— בעהיימע, ביי מיין פעטער — סאַמע ברילִיאַנטן!

— אָבער מיין מומע מיט אירע פּאַרפומען! די נאָז רייסט עס אויף!

— און אַז מיין פעטער שפּילט יעדע נאַכט אין קאָרטן — האַ? זיי האָבן זיך לאַנג געשפּאַרט און שיר ניט צעשלאָגן זיך... איינער איז פריער אָפּגעשטאַנען.

— קאַלט — מאַכט ער מיט אַ ציטער.

דער צווייטער שטייט אויך אָפּ:

— איך בין זייער הונגעריק — זאָגט ער — קלינג אָן באַ דיין פעטער...

— ניין — ענטפערט יענער דערשראָקן — ער האָט אָנגעזאָגט די דינער, זיי זאָלן מיר העגט און פיס צעברעכן!

— מיין פעטער דאָס זעלבע! — ענטפערט דער צווייטער.

זיי לאָזן ביידע טרויעריק אַראָפּ די קעפּ.

— גייען מיר?

— בעסער לויפן...

און אויפן וועג:

— מאָרגן באַנאַכט נאָכאַמאָל...

— יאָ... איך וועל געבן אַ סימען... איך וועל אַ קריי טאָן, ווי אַ האָן...

— איך וועל דיר ענטפערן מיט אַ מיאַוק פון אַ קאַץ.

— גוט.

זיי זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן.

# ווי אַזוי כעלם איז פאַרגרעסערט געוואָרן

ווען כעלם האָט גענומען וואַקסן און עס זיינען שוין מער ניט געווען קיין הייזער פאַר אַלעמען, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מען מוז פאַרגרעסערן די שטאָט. דאָס הייסט, צובויען נייע הייזער.

די שטאָט האָט שוין דערגרייכט ביז דעם באַרג. דער באַרג שטעלט זיך אין וועג און לאָזט מער ניט בויען. וואָס טוט מען?

האָבן די כעלמער פאַררופן אַן אַסיפה. געזעסן זיבן טעג און זיבן נעכט. געקלערט, געקלערט, ביז זיי האָבן באַשלאָסן:

איין פרימאָרגן זיינען אַלע כעלמער אַוועק צום באַרג און זיך



געגומען פלייסיק צו דער אַרבעט — זיי האָבן אָנגעהויבן שטופּן דעם באַרג מיט אַלע קויכעס. זיי האָבן אַזוי לאַנג געשטופּט, ביז זיי האָבן זיך אַלע באַגאָסן מיט שווייס און זיינען שרעקלעך פאַרמאַטערט געוואָרן. דאָס האָט זיי אָבער ניט אָפּגעשטעלט. אַלע מענער האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די קאַפּאָטעס, זיך אַ ביסל אָפּגערוט און אָפּגעקילט און זיך ווידער גענומען צו דער אַרבעט.

דערווייל איז פאַרבייגעגאַנגען אַ באַנדע גאַנאָווים. זעען זיי אַ גאַנצן באַרג מיט קאַפּאָטעס, און ווי די כעלמער זיינען אין גאַנצן פאַרטאָן אין זייער אַרבעט. האָבן זיי צוגענומען די קאַפּאָטעס און זיינען זיך אַוועקגעגאַנגען.

די כעלמער האָבן דאָס ניט באַמערקט. זיי האָבן געהאַלטן אין איין שטופּן דעם באַרג, ביז זיי זיינען ווייטער פאַרמאַטערט געוואָרן.

זיי האָבן זיך ווידער געשטעלט אָפּרוען און זיך אומגעקוקט צוריק. זיי האָבן געוואָלט זען צי זיי האָבן שוין אָפּגעשטופּט דעם באַרג ווייט פון דער שטאָט.

אַזוי קוקנדיק האָבן זיי דערזען, אַז עס זיינען מער ניטאָ זייערע קאַפּאָטעס.

— אַזוי — האָבן די כעלמער אויסגעשריען מיט סימכע — זיינען מיר טאַקע ווייט אַוועק פון שטאָט. מיר קענען דאָך אַפילו ניט זען די קאַפּאָטעס וואָס מיר האָבן דאָ אַוועקגעלייגט.

דאָס האָט זיי געגעבן מער מוט און כיישעק צו טאָן זייער אַרבעט, און די כעלמער האָבן זיך גענומען שטופּן דעם באַרג אַלץ ווייטער און ווייטער.



# האַרבסט

● פּערעץ מאַרקיש

אויסגעגאַנגען און פאַרשלעפּערט
איז דער גאָרטן, טויט און שטום;
שטייט אַ שמעטערלינג פאַרגליווערט
אויף אַן אָפּגעבליטער בלום.

נאָר אַ ווינטל רירט די פליגלעך,
גיט די בלימעלעך אַ דריי,
רייסט פון זיי זיך קליינע שטיקלעך,
נאָר דער בלום טוט שוין ניט וויי.

און אַ בין צו איר פאַרבלאָנדזשעט,
דורשטיק פון אַ ווייטן וועג,
מיד, פאַרברענט, ווי זי פאַרבראָנדזעט,
גיט אַ שמעק און פליט אַוועק...

# רייזעלע

## • אַווראָם רייזען

1.

אַז די אַכט־יאָריקע רייזעלע שטייט אויף אין דער פרי, רייבט זי אוים די פאַרשלאָפענע אויגן, קוקט זיך אום אין אַלע פיר ווינקלעך פון דעם קליינעם שטיבל און זוכט עפּעס.

זי זוכט די מאַמע. נאָר די מאַמע איז שוין לאַנג אַוועקגעגאַנגען אין מאַרק מיטן קויש עפּל און רייזעלע זיפצט אָפּ:

— אַזוי גיך איז זי שוין אַוועקגעגאַנגען!

פויל טוט זי אָן דאָס אַלטע צעריסענע קליידעלע, וואַשט זיך און געפינט עפּעס אַ שמאַטע, ענלעך צו אַ האַנטעך, און ווישט זיך אָפּ. זי דערמאָנט זיך, אַז די מאַמע האָט אַ גאַנצע נאַכט געהוסט. זי האָט איר דערלאַנגט קאַלט וואַסער מיט אַ שטיקל צוקער, נאָר עס האָט ניט געהאָלפן. די מאַמע האָט אויף איר עפּעס אַזוי מאָדנע געקוקט...

— זי איז שוין געזונט — טרייסט זיך רייזעלע — אויב ניט, וואָלט זי דאָך אין מאַרק ניט געגאַנגען.

זי גייט צו צום טיש און געפינט דאָרט גרייט פאַר איר אָנבייסן — אַ שטיקל ברויט, און אַ ביסל מילך אין אַ צעבראָכן גלאָז.

אַז זי עסט אָפּ, ווערט איר אומעטיק. זי בעט גאָט, עס זאָל פינצטערלעך ווערן און די מאַמע זאָל שוין קומען. זומער קען זי זיך נישט איינהאַלטן און לויפט אין מאַרק זען וואָס מאַכט דאָרט די מאַמע. ווינטער אָבער פלעגט רייזעלע דאָס פאַרגעניגן אויך ניט האָבן. קיין שיך האָט זי קיינמאָל ניט געהאַט און לויפן אין מאַרק אַ באָרוועסע איז קאַלט. די מאַמע זאָגט, מען קען זיך פאַרקילן און שטאַרבן. און שטאַרבן, האָט זי געוואוסט, איז זייער אַ שלעכטע זאַך. דעריבער היט זי זיך און זי זיצט ווינטער אַ גאַנצן טאָג אין שטוב און וואַרט ביז וואַנען עס ווערט פינצטער, ווען די מאַמע דאַרף קומען.

— שוין פינצטער! — גייט זי צו אַלע ווײלע צום פענצטער — באַלד, באַלד קומט זי.

און אַז אין קליינעם שטיבעלע ווערט שוין די פינצטערניש געדיכט, און רייזעלע קען שוין ניט זען וואָס אַרום איר געפינט זיך, אויסער דעם אויוון, וואָס די מאַמע האָט ניט לאַנג אָפּגעקאַלכט,

דעמאָלט דערהערט זי אַ קלאַפּ אין טיר. איר הערצל שפּרינגט שיר נישט אַרויס פֿאַר סימכע און זי צעזינגט זיך:

— די מאַמע גייט, די מאַמע גייט!

די מאַמע קומט אַריין אַ פֿאַרפֿרוירענע, שטעלט אַוועק דעם קאָשיק לעבן טיר און רופֿט אויס:

— וואו ביסטו, רייזעלע?

— אָט בין איך, מאַמע, דאָ לעבן בעט — צינד אָן פֿייער.

די מוטער רייבט אָן אַ שוועבעלע און צינדט אָן דאָס לעמפּל. אַ שוואַכע שיין באַלייכט דאָס שטיבל.

— מאַמע, וועטשערע וועסטו קאָכן?

— ווי דען? — ענטפֿערט די מוטער — ביסט אַוודע אַ הונגעריקע.

— ניין! איך וויל גאָרנישט עסן, דו ווילסט דאָך אָבער.

— איך וויל אויך נישט. איך האָב אויפֿן מאַרק געקויפֿט אַ האַלב פֿונט ברויט און געגעסן מיט אַ צעפּוילטן עפּל — אַ מעכאַיע!

די מוטער לייגט פֿונאַנדער אַ פֿייער. אַז עס ברענט זיך פֿונאַנדער, שטעלט זי צו אַ טעפּל וואַסער און זעצט זיך אַוועק מיט רייזעלען. רייזעלע קוקט דאָ אויפֿן פֿייער, דאָ אויף דער מאַמען און עס איז איר אַזוי גוט, אַזוי וואַרעם.

דאָס טעפּל וואַסער הייבט פֿריילעך אָן זידן. די מוטער פֿאַרקאָכט אַ ביסל גרויפּן און אין אַ האַלבער שאָ עסן זיי ביידע די וועטשערע.

באַ די ערשטע צוויי לעפֿל פֿאַרהוסט זיך די מוטער. רייזעלע הערט אויף צו עסן און וואַרט ביז וואַנען די מאַמע וועט זיך אויסהוסטן. די מאַמע וויל איר זאָגן, זי זאָל נישט וואַרטן און עסן, נאָר דער הוסט וואַרגט זי און זי קען אַ וואָרט נישט אויסרעדן.

— מאַמעלע, גענוג צו הוסטן — בעט זיך די קליינע רייזעלע מיט טרערן.

— דו זשאַלעוועסט מיר? — פֿרעגט די מוטער נאָכן אויסהוסטן זיך, גלעטנדיק רייזעלען איבערן קעפּעלע.

## 2.

רייזעלע איז אַלט געוואָרן צוועלף יאָר.



עס איז זומער געווען. דורך די קליינע פאַרשטויבטע שייבעלעך האָבן זיך שטראַלן פון דער זון ווי מיט געוואַלד אַריינגעשפּאַרט אין שטיבל, און זיי זיינען געפאַלן אויף רייזעלעס פּאָנעם. עס האָט זי געצויגן אויף דער גאַס, נאָר וואָס וועט זי דאָרט טאָן? אַלע מיידלעך אין אירע יאָרן גייען אין פיינע קליידעלעך, און זי האָט אַפילע קיין שיך ניט. אַלע שעמען זיך מיט איר. איין כאַווערטע האָט זי נאָר — די מאַמע! זי איז אַזאַ גוטע, אַזאַ גוטע!

און אַ באָרוועסע, אין אַן אַלט צעריסן קליידעלע לויפט זי גלייך אַוועק צו דער מאַמען.

אַ זיצערין פון קעגן איבער באַטראַכט רייזעלען מיט דורכדרינגענ־דיקע בליקן און רופט זיך אָפּ:

— דו ווייסט, כיענע, אַז דיין רייזעלע וואַקסט קאַנאַהאָרע.

— זאָל נאָר אַזוי איר מאַזל וואַקסן! — זיפצט אָפּ כיענע, קוקנדיק מיט פייכטע אויגן אויף איר קליין דאַר טעכטערל.

רייזעלע קען נישט פאַרטראָגן דער זיצערינס בליקן, אויף איר

בלייך פּאָנעם באַווייזן זיך אַ פּאָר רויטלעכע פלעקן און זי ווערט נאָך שענער. די זיצערין רעדט ווייטער:

— ווייסט, כיענע, האָסט געדאַרפט עפּעס אָנהויבן זאָרגן פאַר איר. עס איז קיין טאַכלעס ניט. פאַרוואָס זי ניט אַוועקגעבן אויף אַ שטעל? קיין ייכעס איז היינטיקע צייטן ניטאָ.

כיענע מיט רייזעלען האָבן זיך איבערגעקוקט,ביידע זיינען בלאַס געוואָרן. זיי האָבן שטרענג אַ קוק געטאָן אויף דער זיצערין, ווי זיי וואָלטן פאַרגעוואָרפן:

— גאַזלענטע, ווילסט אונדז צעשיידן!

רייזעלע איז שוין פון דער מאַמען ניט אַוועקגעגאַנגען. זי האָט געוואַרט ביז עס איז פינצטער געוואָרן און זיי זיינען ביידע אַהיים געגאַנגען; אויפן וועג האָבן זיי צווישן זיך ניט גערעדט, ווי זיי וואָלטן פלוצים שטום געוואָרן.

אַז זיי זיינען געקומען אין שטיבל, איז שוין פינצטער געווען. רייזעלע האָט אָנגעצונדן פייער און האָט זיך דערשראָקן: איבער דער מאַמעס געל דאַר פּאָנעם האָבן זיך געקייקלט צוויי גרויסע טרערן.

— מאַמעלע, וואָס וויינסטו? — האָט זי מיט שרעק אויסגעשריען, צוטוליענדיק זיך צו איר.

— וואָס דען, מיין טאָכטער, לאָכן זאָל איך? „זי" איז דען ניט גערעכט? ווי צו מיר, דו ביסט שוין אַ מיידל פון 12 יאָר און האָסט אַפילו קיין פּאָר שיך ניט, קיין העמד אויפן לייב. און איך בין קראַנק, איין גאָט ווייס ווי אַזוי איך שטיי אויפן מאַרק. וואָס וועט זיין דער סאָף?

— נו, וואָס זאָל איך טאָן? — האָט רייזעלע געפרעגט — אַז איך וואָלט געקענט פאַרדינען געלט, וואָלט איך זיך געמאַכט אַ קליידל מיט שיך און דיר וואָלט איך אויך געמאַכט אויף יאָנטעוו אַ שיין קליידל.

די מוטער האָט אַ ווילע געשוויגן, געקוקט אויף איר טעכטערל, נאָכדעם האָט זי שטיל געפרעגט:

— דו, רייזעלע, ווילסט פאַרדינען געלט?

— אַהאַ! — האָט רייזעלע זיך דערמונטערט — איך וואָלט נאָר געוואוסט ווי אַזוי. איך וואָלט גאָר וועלן זיין אַ שניידערין. לייע סאָרעס, וואָס וואוינט קעגן אונדז, איז אויך אַ שניידערין. און זי פאַר-

דינט אַזוי פיל געלט ! אַלע שאַבעס זע איך זי שפּאַצירן אין אַזאַ שיין קליידל !

— ניין, מיין טאָכטער ! — האָט איר די מוטער איבערגעשלאָגן — אַ שניידערין איז ניט פאַר דיר. ביז וואַנען דו וועסט אָנהויבן נעמען געלט, וועט געדויערן דריי יאָר, און קיין קליידל וועסטו זיך אַליין נישט קענען מאַכן. באַם אָנקומען דאַרף מען נאָך געבן דער באַלעבאָסטע צען רובל פאַרן אויסלערנען זיך.

— טאָ ווי־זשע פאַרדינט מען געלט ? — האָט רייזעלע אומעטיק געפרעגט.

— דו האָסט דאָך געהערט, וואָס זי האָט געזאָגט.

רייזעלעס בלייך פּאָנעם איז בלייכער געוואָרן. אין אירע טיפע אויגן איז אומגעשוואומען אַ שרעק.

— און דיך לאָזן אַליין, מאַמע, באַנאַכט זאָלסט אַפילע ניט האָבן ווער עס זאָל דיר אַ ביסל קאַלט וואַסער דערלאַנגען ?

די מוטער האָט גאָרנישט געענטפערט.

— נו, מאַמע, זאָרג ניט — האָט רייזעלע זיך געבעטן — דו וועסט דאָך מיך אָפּגעבן צו אַ גוטער באַלעבאָסטע, וועט זי מיך לאָזן אַלע נאַכט גיין צו דיר שלאָפן.

— ניין, מיין טאָכטער, קיין גוטע באַלעבאָסטעס זיינען ניטאָ. אַז זיי צאָלן געלט, ווילן זיי האָבן אַ נוץ באַטאָג און באַנאַכט.

— און זיי האָבן גאָר קיין ראַכמאָנעס ניט ?... — האָט רייזעלע דערשראָקן געפרעגט.

די מוטער האָט אויף דער פראַגע נישט געענטפערט. זאָגן זיכער „ניין", האָט זי ניט געוואָלט איבערשרעקן איר איינציק קינד, וואָס וועט געווים שוין מוזן צו „זיי" אַריינפאַלן, און זאָגן „יאָ" האָט איר די צונג ניט געדינט : וויפיל באַלעבאָסטעס זי האָט געקענט, זיינען אַלע בייזע געוועזן. און זי האָט געשוויגן.

3.

אין אַכט טעג אַרום איז רייזעלע אָנגעקומען צו מאַדאַם גלאָצמאַן.

— דו זאָלסט נאָר זיין אַ בעריע — האָט איר די מאַדאַם גלאָצמאַן די ערשטע לעקציע געגעבן — אַ בעריע האָבן אַלע ליב. און דו זאָלסט פּאָלגן, וואָס מען וועט דיך הייסן. אַלעמען דאַרפסטו פּאָלגן, אַפילע די קעכין. וועט דיר דאָ זיין גוט.

רייזעלע האָט אויסגעשטעלט די אויגן אויף דער גרויסער, גראָבער מאַדאַם. זי האָט ניט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי קען דאָ זיין „גוט", אַז אָט די גרויסע, גראָבע מאַדאַם וועט איר געבן עסן, וועט איר זאָגן: „גיי לייג זיך שלאָפן!" אַז אָט די גראָבע מאַדאַם וועט איר הייסן טאָן אַן אַרבעט און זי וועט קיינמאָל ניט זאָגן „מיין קינד", „מיין טאָכטער", אַפילו „רייזעלע" וועט זי ניט זאָגן. זי וועט זי שטענדיק רופן „דו".

— ניין! דו ביסט אַ ליגנערין, אַ שלעכטס! — האָט רייזעלע די ערשטע נאַכט געקלערט, ליגנדיק אויפן בעטל אין קיך — גוט קען מיר דאָ ניט זיין. גוט איז דאָרטן אין דעם קליינעם שטיבל, לעבן דער קראַנקער מאַמען. דאָ איז פאַר מיר אַ טורמע. באַנאַכט וועט די מאַמע דאָרט הוסטן און איך וועל דאָ דאַרפן אַרבעטן, און אויף וואָס דאַרף „זי" מיך, אָט די גראָבע גרויסע באַלעבאָסטע? זי הוסט דען, ווי מיין מאַמע, וואָס?... זי איז דאָך אַזאַ געזונטע, און דאָרטן ליגט מיין מאַמע אַליין און הוסט, הוסט. בעט זיך: רייזעלע, רייזעלע, אַ ביסל וואַסער. רייזעלע, אַ ביסל וואַסער.

און רייזעלע האָט זיך אַראָפּגעכאַפּט פון בעטל, צוגעגאַנגען צום פענצטער, געזוכט מיט די אויגן דאָס קליינע שטיבל, וואו איר מאַמע ליגט אַליין און רופט זי.

— מאַמע, מאַמע, טייערע מאַמע! — האָט רייזעלע ניט אויס־געהאַלטן און האָט זיך פונאַנדערגעוויינט.

איר געוויין האָט אָבער קיינעם ניט געוועקט. אַלע זיינען פעסט געשלאָפן.



# נישטאָ קיין ווינט

● ז. סעגאַלאָוויטש

אויף יעדער שיף אַן אַנדער פאָן,
אויף יעדער פאָן אַ נײַ קאָליר,
פיל מענטשן זאַמלען זיך בײַם ברעג,
און קינדער־קעפּלעך אָן אַ שיר.

מע וועט זיך יאָגן מיטן ווינט,
מע וועט זיך יאָגן מיטן ווינט.

נאָר אײַנגעהאַלטן ליגט דער יאַם.
און וואו איז ער, דער שטאַרקער גאַסט?
קיין שום נישטאָ, קיין כוואַליע נישט.
דער ווינט... ער דרעמלט, צי ער שפּאַסט —

נישטאָ קיין ווינט,
נישטאָ קיין ווינט...

אַ האַלבער טאָג איז שוין אַוועק,
די שיפלײַט וואַרטן אַלץ בײַם ברעג —
נישטאָ קיין ווינט,
נישטאָ קיין ווינט...

די פאָנען בויגן זיך אַראָפּ,
די זעגלען פלאַטערן אָן מאַכט,
ער האָט אונדז ביטער אָפּגענאַרט,
ער האָט פון אונדז געלאַכט...

דער ווינט,
דער ווינט,
דער ווינט.

# סעמי דער שיכפּוצער

● ז. ווײנפּער

די אַלטינקע הײזער אין געסל,
ווי קראַנקע פּאַרקאַטערטע נעז, —
עס זוכט וואָס אַ קאַץ אין אַ פּעסל,
עס שמעקט מיט פּאַרזויערטן קעז.

דאָך איז אינעם געסל אַ קעלער,
וואו אָפּטמאָל ווערט העלער פון העל, —
עס איז נישט דאָס ליכט פון קײן בעלער,
נישט ליכט פון זונשטראַל אויף שוועל.

דאָס איז, ווען דאָס עלטערע יאַטל
טוט פּלוצלונג די טיר אַ צעפּראַל,
און איבער זײן קלײנעם וואַרשטאַטל
עס טוט די מישפּאָכע אַ פאַל.

„העלאָ, גענג!" — באַגריסט ער זיך פרײלעך
און לאָזט דאָס וואַרשטאַטל אַראָפּ,
ווער גוט איז געווען, דעם טײל איך
אַ גילדענע קרוין אויפן קאָפּ.

אַזוי־אָ טוט ער זיך אַ וויצל,
און פּאַקט אויף אַ ברויטל מיט קעז,
ער שנײדט אָפּ פאַר יעדן אַ פּיצל
און ווישט זײ דערבײ אָפּ די נעז.

און שוועסטערלעך, ברידערלעך פאַלן
מיט ליבשאַפט אַרויף אויף זײן האַרץ,
— הײ, סעמי! — די אײגעלעך שטראַלן,
כאָטש נעזעלעך, בעקעלעך שוואַרץ.

נאָר שוואַרצקייט איז ניט קיין כיסאָרן,
ביי סעמין איז דאָס גאָר אַ גליק, —
ער איז דאָך שוין פון פאַראַיאָרן
אַ שיכפוצער גאָר אַן אַנטיק.

די מאַמע אין קעלער איז זעלטן,
דער טאַטע אַ צייט איז שוין טויט,
און ער, דורך די היצן און קעלטן,
העלפט מאַמען פאַרדינען אויף ברויט.

די אייגענע שטוב אַ פאַרלאָזטע,
די קינדערלעך זיינען פאַרשמאַכט,
די מאַמע אויף אַרבעט גאָר פראָסטע
ביי פרעמדע פון פרי ביז ביינאַכט.

און ער מיטן קעסטל אויף סקווערן
לאָזט הערן זיין קאָל וועגן זיך:
— אַ ניקעלע בלויז, און עס ווערן,
ווי נייע, דאָך אייערע שיך!

די שיכפוצעריי אויף אַ שטריקל,
דאָס שטריקל פאַרוואָרפן אויף זיך,
וואַרשטאַטל איז גאָר אַן אַנטיקל
— עס זאָלן נאָר זיין היינט די שיך!

ער טוט זיך אַ לאָז צו די טרעפלעך,
פיף-פאַף! און אַרויס פון דער שטוב.
דורך פענצטערל קינדערשע קעפלעך,
ווי כייעלעך קוקן פון גרוב.

די שוועסטערלעך, ברידערלעך קוקן
מיט בענקשאַפט און ליבשאַפט אים נאָך,
און סעמעלעס אַקסלען זיך צוקן, —
אַ שווערע געווען איז די וואָך!

אַ רעגן אַן אויפהער גערעגנט,
דער הימל פאַרכמורעט געווען,
און וועמען ער האָט נישט באַגעגנט,
האָט יענער אים גאָרנישט געזען.

נו טאַקע, אין רעגנדיקן וועטער,
ווער קוקט עס דען אום אַרום זיך!
אַ מענטש אין אַ רעגן, ווי וועט ער
זיך שטעלן און פוצן די שיך?

נאָר היינט איז דאָך טרוקן, אַ פרעסטל,
כאָטש קאַלט איז אים היפשלעך דאָס לייב.
ער טאַפּט אָן מיט האָפענונג דאָס קעסטל,
און טוט צו דעם סקווער זיך אַ טרייב.

און סעמעלעס קאָל מיט אַ ציקל
טוט הילכיק אַ רים זיך גיך־גיך:
— היי, מיסטער, אַ „שו שיין" אַ ניקל!
אַ ניקל אַ „שיין" אויף די שיך!

ער פוצט שוין אַ שוך מיט שוואַרצן,
די הענטלעך אויף זיי אין דער גיך,
ער פילט אַזאַ גרינגקייט אין האַרצן —
אָט קומט אויך אַ געלע פּאָר שיך.

דער סקווער אַזאַ ליכטיקער, העלער,
די זון כאָטש אַ קאַלטע דאָך שיינט, —
עס וועט אינעם טונקעלן קעלער
מיט ברויט זיך צעשמעקן שוין היינט!

# די קליינע קינדער פון וואַלד

● א. ראַבאָי

דער טאָג איז געווען שיין און וואַרעם און די אַמעריקאַנער האָבן געהאַט זייער אַלטן יאָנטעוו, מיט דעם נאָמען „טענקסגיווינג". ווען די ערשטע אַמעריקאַנער, די אור־אור־עלטערן פון די דאָזיקע באַוואוינער פון ניו־ענגלאַנד, האָבן אָפּגעאַרבעט דעם ערשטן זומער און אָפּגעשניטן זייערע ברויטן פון די פעלדער און אויסגעגראָבן די קאַרטאָפל פון דער ערד און אויפגעבויט שטאַלן פאַר זייערע בעהיימעס, איז פּלוצים אויסגעפאַלן אַ שניי און עס איז געוואָרן ווינטער. זיינען זיך די שכיינים דעמאָלט צונויפגעקומען אין איין אָרט, און האָבן געלויבט און געדאַנקט גאָט, פאַר וואָס ער האָט אָפּגעוואַרט מיט דעם שניי, ביז זיי האָבן אַלע זייערע ברויטן אַריינגענומען אין די שייערס. און פון דעמאָלט אָן איז יענער טאָג געבליבן אַלס אַזאַ יאָנטעוו.

די קליינע קינדער פון וואַלד: בעז, ליילאַק און וויטשהייזל, האָבן געמיינט, אַז עס איז שוין דער אָנהויב פון פרילינג. אַפילו דער אַלטער נאַר, דער עפּלבוים, האָט אויך פאַרגעסן אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז און האָט אַרויסגעלאָזן פון די טויזנטער קנאָספּן קליינע, שפּיציקע, גרינע נאָדלען.

דורך די וועגן האָבן זיך געטראָגן אָפּגעוואַשענע פייעטאָנדלעך: מאַן און ווייב און קינדער.

מען איז געפאָרן צו גאַסט איינער צו דעם אַנדערן.

ראָזנבערגס קינדער זיינען ניט געגאַנגען אין שול.

פיליפּ, דאָס עלטערע יינגל, האָט צונויפגענומען זיינע ברידערלעך און שוועסטערלעך און איז מיט זיי אַוועק אין וואַלד אַריין.

ער איז געגאַנגען אויף פריער און מיט אַ לאַנג פּרוטקעלע געשמיסן די נאַקעטעביימער.

די קינדערלעך זיינען אַלע געווען מיט באָרוועסע פיסלעך. פיליפּ אויך אַ באָרוועסער, אַ קליינער און אַ דאַרער; זיינע שאַרפע פיסלעך האָבן זיך געשאָקלט אין די ברייטע, אויסגעריבענע הויזן; זיין היטל האָט ער פאַררוקט מיט דעם דאַשעק אויף הינטן, און ווי ער האָט געזען

אַ פייגעלע אויף אַ בוים, האָט ער גיך אַ פּאַטש געטאָן מיט דעם פּרוטקעלע איבער דעם בוים און דאָס פייגעלע איבערגעשראָקן.

דאָס קלענסטע שוועסטערל האָט געהייסן ראַדל און איז אַלט געווען אַ פינף יאָר. זי האָט זייער ליב געהאַט איר ברודער פּיליפּ פאַר זיין בראַווקייט און האָט אים מעקאַנע געווען, וואָס ער איז העכער פון איר מיט אַ שפּאַן, און דאָס וואָס אַ פייגעלע האָט מוירע פאַר אים זיצנדיק אַזוי הויך אויף אַ בוים.

פּיליפּ האָט געפירט די קינדער טיף אין וואַלד אַריין.

דאָרט, אויף אַ גרוים קיילעכדיק און ליידיק אָרט ביים קוואַל, איז געשטאַנען אַ בוים מיט ווינטער־באַרן.

פּיליפּ מיט זיין קאָמאַנדע האָבן שוין לאַנג אָפּגעטרייסלט און אויפגעגעסן אַלע ווינטער־באַרן. אָבער פּיליפּ האָט געוואוסט, אַז אויף אַ באַרנבוים טאָר מען זיך ניט פאַרלאָזן. דאַכט זיך דיר אוים, שוין! נישטאָ שוין מער קיין באַרן. מען קומט אָבער אַרוים מאָרגן, מען קוקט זיך איין גוט — און מען געפינט נאָך אַ באַר ערגעץ צווישן די בלעטער.

און איצט, אַז דער בוים האָט שוין פאַרלוירן אַלע זיינע בלעטער, באַדאַרף מען אַ קוק טאָן, צי זיינען געבליבן ווינטער־באַרן.

פּיליפּ איז געגאַנגען, געקלאַפּט מיט זיין פּרוטקעלע און געהוקעט, דריידלענדיק זיין קאָל: „הו־האַ, האַ־הו“. דער נאַקעטער און באָר־וועסער וואַלד האָט דאָס אַרויסגעכאַפּט פון פּיליפּס מויל, זיך נאָכ־געקרימט. פון בוים צו בוים איז דאָס קאָל געשוואומען און ערגעץ באַ יענער זייט ברעג האָט שוין, אַזוי ווי אַ הירש וואָלט אַנטלאָפן, עמעצער גיך־גיך געמרוקעט.

פּיליפּ מיט זיין קאָמאַנדע זיינען צוגעקומען צו דעם ווילדן בוים, וואָס איז געשטאַנען באַם קוואַל. דער קוואַל האָט איצט אויסגעוויזן, ווי ער האָט נאָר וואָס אויסגעוואַשן זיינע שטיינדלעך און האָט זיך גענומען פליסן פון אונטער דעם קליינעם בערגל און פון אונטער אַ גראָבן וואָרצל פון באַרנבוים מיט אַ דינעם שמייכלענדיקן פלום.

דער ערשטער האָט פּיליפּ זיך אויסגעשטרעקט אויף דער ערד און זיין מויל אַריינגעשטעקט אין קוואַל. זיין קאָמאַנדע האָט עס נאָכ־געטאָן.

מען האָט זיך גוט אָנגעטרונקען, ליגנדיק אין אַ שורע איינס לעבן

דעם אַנדערן, ווי אַ שורע מיט גענדז, און אַלע מאָל האָבן זיי אויפֿגעהויבן זייערע קעפּעלעך און עפּעס אויסגעשריען פֿריילעכס און ווייטער זיך איינגעבויגן און זייערע ליפּן איינגעטונקט אין לויפֿנדיקן קוואַל.

נאָכדעם האָט מען זיך אויפֿגעהויבן.

פֿיליפּ האָט אויפֿגעהויבן זיין קאָפּ און דערזען, אַז עס זיינען נאָך דאָ עטלעכע קליינע באַרעלעך אויף דעם בוים.

דאָס קלענערע שוועסטערל האָט זיך אַוועקגעשטעלט ווייט פֿון בוים און אָנגעשפּאַרט אירע הענטלעך אויף ביידע זייטן און אָנגעהויבן צו זינגען דאָס לידל, וואָס זי האָט זיך נישט לאַנג אויסגעלערנט אין שול: „עפּל, עפּל, קום אַרונטער צו מיר!" ווי דער עפּל הענגט זיך אויף דעם בוים און וויל נישט אַרונטערקומען, האָט דאָס מיידל זיך געווענדעט צו דער זון, אַז זי זאָל איבערברענען דאָס צווייגעלע און דער עפּל זאָל אַרונטערפֿאַלן. איז די זון אַזוי ווייט און הויך, אַז זי קען נישט הערן וואָס דאָס מיידל וויל. ווענדט זיך דאָס מיידל צו דעם פֿויגל, אַז ער זאָל אָפּבייסן דעם רויטינקן עפּל. האָט זיך דער



פויגל דערשראָקן פֿאַר דעם מיידעלע, אַ מאַך געטאָן מיט זיינע פליגלעך טרוף־טרוף און אַוועקגעפלויגן, און געשיקט דעם ווינט. בעט דאָס מיידעלע דעם ווינט, אַז ער זאָל אַרונטערלאָזן דעם בלייכן עפּל מיט דעם רויטינקן פּאָנעם. גיט זיך דער ווינט אַ דריי און אַ שפּרונג און בלאָזט אַריין שטויב אין דער מיידעלעס אויגן. צעוויינט זיך דאָס מיידעלע און עס קומט אָן פיליפּ און נעמט אַ לאַנגן צווייג און טוט מיט אים אַ פּאַטש אין בוים און עס פאַלט אַראָפּ דער עפּל...

פיליפּ האָט אַרונטערגעקלאַפּט אַלע באַרלעך. מען האָט די באַר־לעך אויפגעגעסן. די ציין זיינען געוואָרן איילִיק, האָט מען זיך ווייטער אַוועקגעלייגט אויף דער ערד בײַ דעם ברעג פון קוואַל און געטרונקען דאָס קלאָרע וואַסער, אַלע מאָל אויפהויבנדיק די קעפּלעך און אויס־שטרעקנדיק די העלדזער, אַזוי ווי גענדז.

# הערשל דערקענט מענטשן

(פון הערשעלע אָסטראָפּאָליערס מייסעס)

הערשל גייט אין גאַס פאַרטראַכט. פּלוצים דערזעט ער פון דער ווייטן אַ מענטשן. הערשל לויפט צו צו דעם מענטשן, שטופּט אים אַריין די האַנט און שרייט אויס מיט סימכע:

— אָ, וואָס מאַכט איר, רעב טאָדרעס? שוין אַ צייט אייך ניט געזען. איר האָט זיך דורך דער צייט אַזוי איבערגעביטן, אַז איך האָב אייך קוים דערקענט.

— איר האָט אַ טאָעס, מיין ליבער ייד, איך הייס גאָר יאַנקל, ניט טאָדרעס.

— אָ־וואַ, אָ־וואַ — וואונדערט זיך הערשל ווייטער — ווי אַזוי אַ מענטש בייט זיך דאָס איבער! אפילע דער נאָמען אייערער האָט זיך אויך איבערגעביטן.

# דער טאָוול און דאָס קריידל

(מאָשל)

## ● אָליצקי

דער שוואַרצער טאָוול פון דער שול,
דער שוואַרצער און דער בלינדער,
איז אַמאָל געוואָרן דול
(געטומלט האָבן שטאַרק די קינדער)
און מיט קריידל אָנגעהויבן זיך צו קריגן:
— גענוג געשוויגן!
וואָס קריכסטו, ווייסער כעווריעניק, אַרום
אין דער לענג, אין דער ברייט און אין דער קרום,
און דו מאַכסט מיך שמוציק גאָר אין גאַנצן?
אַן עק!
אַוועק
צו אַלדע ווייסע רוכעס טאַנצן!...
דאָס קריידל שמייכלט וויים,
אָן גענבייזער און אָן שפּאַסן
רעדט עס שטיל — געלאַסן,
ווי אַ קלוגער גרייז:
— נו,
וואָס קומט אַרויס דערפון,
ווען דו רעדסט אָן מיר אַליין,
אַז קיינער וועט דיך נישט פאַרשטיין?...
אויב דו ווילסט נישט רעדן בלויז צום בוידעם —
טאָ לאָז מיך קוידעם
די טיינעס דיינע איצט פאַרשרייבן,
און זאָלן מענטשן פון זיי הערן;
איך קאָן דיר שווערן —
ווי זיי וועלן מישפּעטן, אַזוי וועט בלייבן...



ביים איסט ריווער — ל. לאָזאָוויק

# דער האָדסאָן

● מאַני לייב

אָוונט אויפֿן האָדסאָן. לייכטע וואָלקן גייען
בלוי און גאָלדיק בלייך;
גרויסע שיפֿן שניידן, שיפֿלעך גייען-שטייען,
אין אַ שוים ווי רויך.

און פֿון ווייסן רויך — די פֿייערלעך סיגנאַלן
פֿינקלען גרין און העל:
שטרייכן אין די וויַטן, ציטעריקע פֿאַלן
אויף דער בלויער וועל.

און די פּאַליסאַדן, גרויע, בלויע שטייען,
קריכן אין דער הויך.
אויבן — די לעוואָנע; וואָלקן שטייען-גייען
אין לעוואָנע-רויך.



שאָלעם-אַליכעם

# דער זייגער

## • שאָלעם אַליכעם

דער זייגער האָט אויסגעשלאָגן דרייצן...

מיינט נישט, אַז איך שפּאַס. איך דערצייל אייך גאַנץ ערנסט אַ מייסע, וואָס האָט זיך פּאַרלאָפן אין קאַסרילעווקע, באַ אונדז אין שטוב טאַקע, און וואָס איך אַליין בין דערביי געוועזן.

מיר האָבן געהאַט אַ זייגער, אַ וואַנט-זייגער, אַן אַלטן-אַלטן יערושע-זייגער פון דעם זיידן נאָך, וואָס דער זיידע האָט אים געהאַט פונעם עלטער-זיידן, עטלעכע דוירעס קעסיידער, נאָך פון פאַר כמעלניצקים צייטן. אין שטאָט האָט אונדזער זייגער געהאַט אַ שעם פאַרן ערשטן זייגער, „רעב נאַכעמס זייגער". מענטשן פלעגן קומען אָנשטעלן אויף אים זייערע זייגערס, וואָרים זיין גאַנג איז געווען דער עמעסער, ריכטיקער גאַנג.

דאָס איז שוין געווען, זאָג איך אייך, איינמאָל אַ זייגער! זיין קלינגען האָט מען געהערט אין דער דריטער שטוב: באָם! באָם! באָם!

ער האָט געדינט זייער, זייער געטריי. ער האָט זיך קיינמאָל ניט געפרואווט שטעלן אַפילע אויף אַ מעסלעס. ער האָט אויף זיין לעבן נישט פאַרזוכט דעם טאַם, וואָס הייסט אַ זייגערמאַכער. דער טאַטע איז אַליין געווען איבער אים דער מייסטער. אַלע ערעוו פּייסעך האָט

ער אים פּאַוואָלינקע אַראָפּגענומען פון דער וואַנט, דורכגערייניקט די געדערים מיט אַ פלעדערוויש, אַרויסגענומען פון אינעווייניק אַ פּאַק שפּינוועבס מיט געמיימיסטע פליגן, וואָס שפּינען האָבן אַהינצו פאַר־נאַרט. אויסגערייניקט און אויסגעפּוצט, האָט ער אים אויפגעהאָנגען צוריק אויף דער וואַנט, און ער האָט געשיינט. דאָס הייסט, זיי האָבן ביידע געשיינט: דער זייגער האָט געשיינט דורך דעם, וואָס מע האָט אים אויסגעצוואָגן און אויסגעפּוצט, און דער טאַטע האָט געשיינט, וואָס דער זייגער שיינט.

האָט זיך געטראָפן אַ מייסע. דאָס איז געווען איינמאָל אין אַ שיינעם, נישט קיין כמאַרנעם טאָג. מיר זיינען אַלע געזעסן באַם טיש און געגעסן וואַרעמעס. איטלעכס מאָל, ווען דער זייגער האָט געשלאָגן, האָב איך ליב געהאַט צו ציילן, און דאַפקע אויף אַ קאָל:

— איינס... צוויי... דריי... זיבן... עלף... צוועלף... דרייצן... אוי, דרייצן!

— דרייצן? — רופט זיך אָן דער טאַטע און צעלאַכט זיך — ביסט אַ שיינער רעכענער! האָסט אַמאָל געהערט זייגער דרייצן?

— דרייצן — זאָג איך — ווי איך בין אַ ייד, אַז דרייצן!

— דרייצן פּעטש וועסטו פון מיר כאַפּן! — מאַכט דער טאַטע צו מיר מיט קאַעס — זאָלסט דאָס אַנדערע מאָל נישט איבערכאַזערן אַזאַ נאַרישקייט. אַ זייגער קאָן נישט שלאָגן קיין דרייצן!

— ווייסט וואָס איך וועל דיר דערציילן, נאָכעם? — מישט זיך אַריין די מאַמע אין מיטן — איך האָב מוירע, אַז דאָס קינד איז גערעכט. מיר דאַכט, אַז איך האָב אויך איבערגעציילט דרייצן!

— שוין! אַט האָסטו דיר! — מאַכט דער טאַטע, און עס ווייזט אויס, אַז ער אַליין פאַלט אויך אַריין אין אַ שטיקל סאָפעק. נאָכן עסן גייט ער צו צום זייגער, שטעלט זיך אויף אַ בענקל, טוט אַ פּאָרקע אינעווייניק עפּעס אַ רעדל און דער זייגער הויבט אָן צו קלינגען. מיר אַלע זאַלבעדריט ציילן, שאָקלען־צו בעשאַס מייסע מיטן קאָפּ נאָך יעדן קלונג: „איינס... צוויי... דריי... זיבן... ניין... צוועלף... דרייצן...”

— דרייצן?! — זאָגט דער טאַטע און קוקט אויף אונדז ביידן מיט אַזעלכע אויגן, ווי באַ אַ מענטשן וואָס זאָל דערהערן פּלוצים, אַז די וואַנט האָט באַקומען לאָשן און רעדט ווערטער. ער טוט נאָך

אַ מאָל אַ פּאָרקע דאָס רעדל, און דער זייגער קלינגט ווידער אַ מאָל דרייצן! דער טאַטע קריכט אַראָפּ פונעם בענקל מיט אַ זיפץ, בלאַס ווי די וואַנט, און בלייבט שטיין אין מיטן שטוב, קוקט אויף דער סטעליע, קייט די באָרד און רעדט צו זיך אַליין:

— געשלאָגן דרייצן... וואָס הייסט דאָס?... וואָס זאָל דאָס באַדייטן?... ער זאָל זיין קאַליע, וואָלט ער זיך געשטעלט... נאָר וואָס דען? מוז זיין אַ ספּרוזשינקעלע...

— דאַרפסטו טראַכטן „אַ ספּרוזשינקעלע"? — זאָגט אים די מאַמע — אַמער, נעמט מען אַראָפּ דעם זייגער און מען מאַכט אים צורעכט. ביסט דאָך עפּעס אַ מייסטער!

— שאַ, עפּשער ביסט דו אויך גערעכט? — ענטפערט איר דער טאַטע און נעמט אַראָפּ דעם זייגער און פּאָרעט זיך מיט אים. ער שוויצט, האָרעוועט אָפּ אַ גאַנצן טאָג און הענגט אים אויף צוריק אויף זיין אָרט — דער זייגער גייט ווי עס געהער צו זיין. און אַז עס קומט אַרום האַלבע נאַכט, שטייען מיר שוין אַלע אַרום אים און ציילן אָפּ צוועלף. דער טאַטע קוועלט.

— האַ? קלינגט שוין ניט דרייצן? אַז איך זאָג אַ ספּרוזשינקעלע — וויים איך וואָס איך זאָג!

— איך זאָג שוין לאַנג, אַז דו ביסט אַ בעריע — מאַכט צו אים די מאַמע — איך פאַרשטיי נאָר ניט איין זאַך: פאַרוואָס כריפּעט ער? ער פלעגט, דאַכט מיר, קיינמאָל ניט כריפּען, ווי ער כריפּעט.

— עס ווייזט זיך דיר אוים! — זאָגט דער טאַטע און הערט זיך צו, ווי דער זייגער כריפּעט בעשאַס עס קומט צום קלינגען. ווי אַן אַלטער מאַן, איידער ער באַדאַרף זיך אויסהוסטן, מאַכט ער „כיל-כיל-כיל-טררררר"... און ערשט נאָכדעם: „באָם!... באָם!... באָם!..." און אַפילע דער „באָם" אַליין איז שוין אויך גאָר נישט דער „באָם", וואָס פריער; דער פריערדיקער „באָם" איז געווען אַ פריילעכער „באָם", אַ לעבעדיקער, און איצט האָט זיך אַריינגעגאַנוועט אין אים עפּעס אַ מין אומעטיקייט, אַ טרויעריקייט... וואָס ווייטער ווערט דאָס כריפּען גרעסער און דאָס קלינגען שטילער און אומעטיקער, און דער טאַטע ווערט מאָרע-שכוירעדיקער; מע זעט, אַז עס קרענקט אים, ער האָט דערפון שטילע ייסורים און ער קאָן דערצו גאָר ניט העלפן. עס דאַכט זיך, אַז אָט-אָט וועט זיך דער זייגער גאָר אין גאַנצן אַנידער-

שטעלן, זיך אַנידערשטעלן אויף טאָמעד, אויף אייביק! אַ גליק, וואָס דער טאַטע קוקט זיך אַרום באַצייטנס און פאַרשטייט, אַז דער זייגער איז דאָ ניט שולדיק; שולדיק איז די וואָג — ווינציק וואָג! און ער



טשעפּעט-צו צו דער וואָג דאָס אויבערשטע פונעם שטויסל. דער זייגער גייט אַוועק אַ גאַנג, און דער טאַטע ווערט פריילעך, אַ נייער מענטש.

נישט לאַנג געדויערט דאָס אָבער: דער זייגער הויבט ווידער אָן אונטערפּוילן זיך, דער אומרו הויבט ווידער אָן צו מאַכן מע־שוגענע האַוואַיעס: אַ הוידע אין איין זייט פּאַוואָליע, אין דער אַנדערער זייט גיך, מיט אַ קרעל — „קכי״. עס קרעלט באַ דער נע־שאָמע, עס שלאָגט צום האַרצן! אַ ראַכ־מאָנעס צו זען, ווי דער זייגער גויסעסט. און דער טאַטע, אויף אים קוקנדיק, צאַנקט, גייט-אויס פאַר ייסורים, ווערט אויס מענטש.

— ווינציק וואָג! — זאָגט דער טאַטע און הענגט-אָן אויף דער וואָג אַלע מאָל נאָך און נאָך מאַסע: פריער אַן אייזערנעם טאָפּ, נאָכדעם אַ קופּערנע קוואָרט, שפּעטער אַ פּרעסל אַן אייזערנס, אַ זעקעלע זאַמד, אַ פּאָר ציגל — דער זייגער ציט דערפון אַלע מאָל פרישע קויכעס און גייט, מיט צאָרעס טאַקע, מיט אַנגסטן, נאָר ער גייט. ביז עס האָט זיך געטראָפן איין מאָל באַנאַכט אַ גרויס אומגליק.

דאָס איז געווען ווינטער, פרייטיק-צו־נאַכטס. מיר האָבן אָפּגעגעסן די שאַבעס־דיקע וועטשערע. די ליכט הויבן אָן אויסגיין. דער שאָטן אויף די ווענט קלעטערט, דראַ־

פּעט זיך העכער און העכער. מיר זיצן באַם אויוון און קנאַקן וואַרעמע, גוט אויסגעטריקנטע סעמעטשקעס. די סעמעטשקעס טרעשטשען, דער אוילעם שמועסט, דערציילט מייסעס גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין, איינע צו דער אַנדערער געהער זיך ניט אָן. נאָר מער פון אַלע רעדט די מומע יענטע.

פלוצים, אַזוי ווי די מומע יענטע רעדט דאָ, הערן מיר: טררראַך— טאַרראַרראַך — באַם — דזין — דזין — באַם!... פּאַרטיפּט אין דער מייסע, האָבן מיר געמיינט, אַז גאַזלאָנים זיינען אָנגעפאַלן אויף אונדזער שטוב און האָבן אויסגעשאָסן פון צען האַרמאַטן, אָדער ס׳איז איינגעפאַלן דער דאַך, אָדער ס׳איז אַן ערד-ציטערניש, אָדער אַזוי עפּעס אַן אומגליק איז געשען. מיר האָבן זיך נישט געקאָנט רירן פון די ערטער. אַ מינוט האָבן מיר געקוקט איינער אויף דעם אַנדערן אָן ווערטער, און אַלע מיט אַ מאָל האָבן מיר אָנגעהויבן צו שרייען: געוואַלד! געוואַלד! געוואַלד! — פון גרוים אימפעט כאַפּט מיך די מאַמע אַרום, קוועטשט מיך צו צום האַרצן און שרייט:

— מיין קינד, מיר זאָל זיין פאַר דיר, וויי איז מיר!

— האַ, וואָס? וואָס איז אים? וואָס איז געשען? — שרייט דער טאַטע.

— גאָר נישט, גאָר נישט! שאַ! שאַ! — שרייט די מומע יענטע און מאַכט מיט די הענט, און דאָס דינסטמיידל לויפט אַריין פון קיך אַ טויטע:

— ווער שרייט דאָ? וואָס איז? עס ברענט? וואו ברענט? וואו?

— ווער ברענט? וואָס ברענט? — שרייט די מומע יענטע — וואָס שרייט איר, וועלכע גוטע יאָר? וואָס גוואַלדעוועט איר? טפו, אויף מיינע סאָנימס קעפּ! מע האָט זיך דאָס אַ ביסל איבערגעשראָקן, טאָמער ווייסט איר וואָס? פּאַר אַ קלאַפּ! ניטאָ ווער ס׳זאָל לאַכן! דאָס איז דער זייגער, דער זייגער אַראָפּגעפאַלן, היינט ווייסט איר שוין? מע האָט אָנגעהאַנגען אויפן זייגער דריי פּוד מאַסע, איז ער אַראָפּגעפאַלן. וואָס איז דער כידעש?

ערשט דעמאָלט קומען מיר צו זיך. אויפגעשטאַנען איינציקווייז פונעם טיש, גייען מיר צו צום זייגער און באַטראַכטן אים, ווי ער ליגט נעבעך מיטן פּאָנעם אַראָפּ, אַ דערהאַרגעטער, אַ צעבראָכענער, אַ צעשאָטענער אויף אייביק!

— אוים זייגער! — מאַכט דער טאַטע, טויט ווי די וואַנט, אַראָפּ־געלאָזט דעם קאָפּ. ער ברעכט די הענט און טרערן שטייען אים אין די אויגן. איך קוק אויפן טאַטן, עס גלוסט זיך מיר וויינען.

:: :: ::

אַ גאַנצע נאַכט נאָכדעם האָבן זיך מיר געפּלאָנטערט זייגערס. עס האָט זיך מיר פאַרגעשטעלט: אונדזער אַלטער זייגער ליגט אויף דער ערד, אָנגעטאָן אין ווייסע טאַכריכים. עס האָט זיך מיר פאַר־געשטעלט, אַז דער זייגער לעבט, נאָר אויפן אָרט פונעם אומרו וואַרפט זיך הין און צוריק אַ לאַנגע צונג, אַ צונג פון אַ מענטשן, און דער זייגער קלינגט ניט, נאָר ער קרעכצט, און איטלעכער קרעכץ נעמט ביי מיר צו אַ שטיק געזונט... און אויפן ציפערבלאַט, דאָרט וואו איך בין געוואוינט צו זען טאָמעד דעם 12, דערזע איך מיט אַ מאָל אַ ציפער 13, טאַקע דרייצן — איר מעגט מיר גלויבן אויף מיין וואָרט!...

# נאָכן זומער

## ● א. פעפער

האָט שטיל אַ בלאָז געטאָן אויף מיר
מיט פרישקייט האַרבסטיקער פון זאַנגען.
האָט ווינט צעעפנט היינט מיין טיר,
בין איך אַ גאַנצן טאָג געגאַנגען.

סע שמעקט מיט יאָנטעוו און מיט היי.
די קו איז זאַט, דאָס ברויט געשניטן.
און אויפן רוף פון ערשטן שניי
איז גרייט מיין נייער ווייסער שליטן.

דער זומער איז שוין באַלד ניטאָ,
נאָר פריש געהילץ איז דאָ אויף הייצן,
און זאַלץ איז דאָ, און ברויט איז דאָ
ביז ערשטן גרוס פון נייע ווייצן.

איז אָפט צעשמייכלט זיך אין מיר
דאָס פרייע ליד פון שטילע זאַנגען...
האָט ווינט צעעפנט היינט מיין טיר,
בין איך אַ גאַנצן טאָג געגאַנגען.

# יאָסעלע לערנט אין כײדער

● י. דינעזאָן

**1.**

כיענע האָט פיל מאָל געהערט, וואָס פאַר אַ קלוגער טייערער מעלאַמעד בערל איז, ווי ער ווייס זיך מיט קינדער צו באַגיין, און בּאַ אים לערנען זיי זיך טאַקע עפּעס אויס. איז באַ איר געבליבן יאָסעלען אַוועקגעבן צו אים אין כײדער. זי האָט אַפילע געוואוסט, אַז בערל איז ניט קיין ביליקער מעלאַמעד, אָבער וואָס וועט זי דען ניט טאָן פאַר איר קינד? און זי האָט יאָסעלען אַוועקגעפירט צו רעב בערלען.

בערל האָט זי אָנגעקוקט מיט פאַרוואונדערונג, ווען זי האָט אים געזאָגט, אַז זי וויל איר יינגל צו אים אין כײדער אַריינגעבן, און ער האָט איר געענטפערט, אַז ער האָט שוין די פולע צאָל טאַלמידים און מער קיין יינגלעך קען ער שוין ניט צונעמען.

— וואָס הייסט, איר האָט שוין די פולע צאָל? — האָט כיענע געטיינעט — וואו שטייט עס געשריבן, אַז ניין טאַלמידים מוז אַ רעבע האָבן און אַ צענטן טאָר ער שוין ניט?

— איך קען ניט, ווי איך בין אַ ייד, איך קען ניט! — האָט רעב בערל געשוואָרן.

— רעב בערל! דאָס קינד איז מיין גאַנץ לעבן — האָט כיענע אָנגעהויבן מיט היץ — איך מיין ניט, כאָלילע, אומזיסט. אייער סכאַר-לימעד וועט אייך אין כײדער אַריינגעטראָגן ווערן יעדן כוידעש מיט דאַנק. איר האָט עפשער מוירע, איך בין אַן אָרעם-מענטש, און וועט פרעגן, וואו וועל איך נעמען? איך זאָג אייך, אַז דער גאָט, וואָס שפּייזט מיך און גיט מיר קויעך צו האָרעווען פאַר מיין קראַנקן מאַן און פאַר מיינע עלנטע קינדער, וועט מיר קויעך געבן אויסצוהאָרעווען די עטלעכע רובל סכאַר-לימעד פאַר מיין קינד...

— קאָן שוין אייער יינגל עפּעס? — האָט רעב בערל געפרעגט, טאָמער וועט ער זיך קענען אָפּטשעפּען פון איר מיט דעם טערעץ, אַז דאָס קינד קען נאָך גאָרנישט און פאַר אים איז דערווייל גענוג אַ קלענערער מעלאַמעד.

— פאַרהערט אים און זעט אַליין, וואָס פאַר אַ וואויל יינגל דאָס איז. מיט אים וועט אייך אַ פאַרגעניגן זיין צו לערנען!

בערל האָט צוגערופן יאָסעלען, אים פאַרהערט און האָט זיך

בעעמעס פאַרוואונדערט, ווי דאָס קינד ווייס און געדענקט אַלץ, וואָס ער האָט ביז איצט געלערנט און קען שוין מער פאַר זיינע אַלע כייהער־יינגלעך. ער האָט יאָסעלען אַ גלעט געטאָן איבערן קעפּל און געזאָגט:
„אַ וואויל יינגל, גאָר אַ וואויל יינגל. אַ שאָד, כ׳לעבן, אַ שאָד!"

כיענען זיינען אַזש טרערן אַרויס פון די אויגן, הערנדיק ווי רעב בערל לויבט איר קינד.

— וואָס ענטפערט איר מיר איצט, רעב בערל?

— ווייסט איר וואָס איך וועל אייך זאָגן? — האָט רעב בערל נאָך עטלעכע מינוט איבערדענקען געזאָגט. איך האָב ראַכמאָנעס טאַקע אויף אייך אויך. איך וואָלט אַוואַדע ניט קוקן אויף אייערע עטלעכע רובל סכאַר־לימעד, וואָס וועט אָבער מיין ווייב זאָגן? און מען קען אויף איר אויך קיין פאַריבל ניט האָבן: זי ווייס, אַז אָן געלט גיט מען קיין קאַרטאָפל ניט, קיין האָלץ ניט, און קיין ברויט און קיין גרויפּן אויך ניט. דירע־געלט מוז מען צאָלן, פאַרשטייט איר? אַוואַדע ברויכט איר גוט, גוט אין זינען האָבן, אַז מיינע צען רובל אַ זמאַן זאָלן מיר באַצאָלט ווערן. אָבער איין זאַך שטייט מיר נאָך אין וועג: צי וועט עס די טאַטע־מאַמעס פון מיינע טאַלמידים אָנשטיין, אַז אייער יינגל זאָל לערנען אין איין כיידער מיט זייערע קינדער?...

— פאַרוואָס זאָל זיי ניט אָנשטיין? — האָט כיענע אַן אָנגע־צונדענע געפרעגט — איז עפּשער מיין יאָסעלע ניט אַזאַ ערלעך קינד ווי זייערע קינדער?

בערל האָט פאַרשטאַנען, אַז ער וועט זיך ניט אויסטיינען מיט איר, דעריבער האָט ער איר קורץ און שאַרף געזאָגט:

— ווילט איר, איך זאָל אייער יינגל אין כיידער אַריינעמען, מוזט איר גיין צו מיינע באַלעבאַטים, און טאַקע דער איקער צו די באַלע־באָסטעס און פּועלן בא זיי, אַז זיי זאָלן קיין טיינעס נישט האָבן דערנאָך!...

געווג רייד, געבעט און בראָכעס האָט כיענען געקאָסט, ביז שיינדעלע די געווירנטע האָט איינגעוויליקט, אַז פון איר איז קיין אָפּהאַלט ניט, נאָר אַז כיענע זאָל איר צוזאָגן, איר יאָסעלען צו פירן ריין און ציכטיק, און בערל זאָל איר צוזאָגן, אַז ער וועט אַכטונג געבן, יאָסעלע זאָל זיך צופיל ניט כאַווערן מיט איר לייבעלען.



אַז שיינדעלע האָט איינגעוויליקט, האָבן שוין די איבעריקע מאַמעס פון בערלס טאַלמידים אויך צוגעשטימט, און אין איין שיינעם פרימאָרגן האָט כיענע איר קינד אַרומגעוואַשן, אים אָנגעטאָן אין אַ ניי רעקל און אים אָנגעזאָגט, אַז פון היינט אָן וועט ער מוזן אַלע טאָג פריער אויפשטיין און גיין צו רעב בערלען אין כיידער אַריין.

## .2

אין אָנהייב איז רעב בערל מיט יאָסעלען זיך באַגאַנגען ווי מיט אַלע זיינע טאַלמידים און פלעגט אים שטענדיק אַרויסשטעלן פאַר אַ מוסטער קעגן אַנדערע קינדער, זיי צו ווייזן, ווי אַזוי מען דאַרף אַ רעבן פאָלגן און ווי אַזוי מען דאַרף געדענקען, וואָס מען לערנט. נאָר ווי מיט אַן אָרעם קינד אַן איינגעבעטענעם ביי איר מאַן אין כיידער, האָט די רעבעצין זיך אָנגעהויבן שאַפן מיט אים, אַמאָל אין קרעמל נאָך זאַלץ און נאָך גרויפּן שיקן און אַמאָל אויך איר כייעלען פאַרוויגן. מיט דער צייט איז זי דערצו אַזוי געוואוינט געוואָרן, אַז זי פלעגט שוין מיט אַ טיינע אָנפאַלן אויף איר מאַן, וואָס ער האַלט יאָסעלען אַמאָל צו לאַנג באַם לערנען, בעאיים אין שטוב איז נאָך אַ ברעקל האָלץ ניט אַריינגעטראָגן געוואָרן, מיט וואָס וואַרעמעס צו קאָכן.

ביסלעכוויַיז האָט זיך אויך רעב בערל אַליין צוגעוואוינט אַוועק־צוקוקן פון יאָסעלען, צו פאַרגעסן אַמאָל צו לערנען מיט אים און אַמאָל, אַז ער איז אין קאָעס געווען אויף לייבעלען, שיינדעלע דער געווירנטעס, און געכאַפּט דעם קאַנטשיק, קעדיי אים צו דערלאַנגען,

פלעגט ער זיך אָבער אין דער מיט דערמאָנען, אַז דאָס איז לייבעלע, דאָס ציטערדיקע נאָכגעגעבענע לייבעלע, און ער וועט פון שיינדעלען צאָרעס האָבן פאַר אַזאַ קלאַפּ, האָט ער די האַנט פאַמעלעך אַראָפּגעלאָזן אויף יאָסעלען און זיך באַלד פאַרענטפערט, אַז ניט אים, נאָר לייבעלען האָט ער געמיינט צו טרעפן. יאָסעלע אַליין האָט אויך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ טאָעס געווען, און ביפּראַט אַז דער רעבע האָט דעם שמייץ אַזוי מיט ראַכמאָנעס אַראָפּגעלאָזן, און אים האָט עס ניט שטאַרק ווי געטאָן, האָט ער ניט געוויינט און קיין טיינעס ניט געהאַט. נאָר דער טאָעס האָט אָנגעהויבן זיך טרעפן זייער אָפט און פון איין מאָל צום אַנדערן — אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. יאָסעלע האָט שוין געפּרואווט וויינען, שרייען, כליפּען, נאָר פאַרפאַלן! רעב בערל איז צו דעם טאָעס אַזוי צוגעוואוינט געוואָרן, אַזוי ווי יאָסעלע וואָלט טאַקע צוליב דעם נאָר באַשאַפן געווען, קעדיי זיין קאַנטשיק זאָל שטענדיק אומגערן אים טרעפן, ער מעג זיך צילן אויף וועמען ער וויל.

דאָס אָרעמע קינד האָט געוואוסט, אַז ער איז ניט שולדיק, אַז ער האָט דעם קאַנטשיק ניט פאַרדינט ; נאָר אַז שולדיק איז דער רעבע, האָט ער ניט פאַרשטאַנען. ערשטנס, זאָגט דער רעבע אַליין, אַז דאָס איז אומגערן ; צווייטנס, איז ער געוואוינט געווען נאָך פון דער היים, אַז אים זאָל מען שלאָגן... נאָר אין די לעצטע עטלעכע טעג האָט ער פונדעסטוועגן דערפילט, אַז אים ווערט וואָס אַ טאָג פיל ערגער : שוין צוויי כאַדאָשים אַז כיענע האָט ניט פאַרדינט אַ קאָפּיקע אַן איבעריקע, קעדיי צו קאָנען דעם רעבן זיין סכאַר-לימעד שיקן, און רעב בערל האָט שוין געהאַלטן פאַר פאַרפאַלן און גערעכנט, אַז ער לערנט מיט יאָסעלען אומזיסט. „און פאַרוואָס זאָל איך לערנען אומזיסט?" — פלעגט ער צו זיך רעדן. „איך האָב איר פריער געזאָגט, אַז איך קען מיט איר יאָסעלען אומזיסט ניט לערנען!"... געמיינט האָט ער, יאָסעלע וועט דאָס דערציילן דער מאַמען, און זי וועט פאַרשטיין, אַז דער רעבע איז אין קאַעס.

יאָסעלע האָט אָבער זיין מאַמע פון כיידער גאָרניט אויסגעזאָגט. ערשטנס, טאָר מען פון כיידער נישט אויסזאָגן ; צווייטנס, האָט ער אויף דער עלנטער מאַמע אַזאַ ראַכמאָנעס געהאַט, אַז ער האָט נאָר געקענט וויינען קוקנדיק, ווי זי וויינט, און האָט שטענדיק זיינע אייגענע פּיין און ליידן פון איר באַהאַלטן.

# דער „דאָקטער"

## ● מענדעלע מוֹיכער-ספֿאָרים

איין מאָל אין דער פֿרי, אַז דער מאַמען איז מיט בויכווייטיק אָנגעקומען צו נעמען אין קלייטל אויף באָרג פֿעפֿער, צימערינג און מעל, נעמט זיך אונדזער הערשעלע אַראָפּ צו ביסלעך פֿון די דאָזיקע זאַכן — און אַוועק, שאַ, קיטש אַהין, אויפֿן פֿרייען גראָז, אויפֿן ליידיקן פּלאַץ הינטער דער שטוב. ער זיצט זיך דאָרט לעבן פּלויט, פֿאַרעט זיך דאָ מיט דעם פֿעפֿער, צימערינג, מעל צו מאַכן דערפֿון רעפּועס, וואַסערלעך, טראָפּנס אין די פֿלעשעלעך. פֿאַרטיק מיט די רעפֿועס, טראַכט ער בײַ זיך: אַצינד וואו נעמט מען עפּעס אַ קראַנקן צו באַווייזן די גרויסע קונץ פֿון דאָקטאָריע? און ווי ער זיצט זיך אַזוי און טראַכט, דערזעט ער פֿון דער ווייטנס, ווי מוישע-יאָסי, אַ פֿאַרוואָרלאָזטער יאָסעם, אַ נאַקעטער, אַ באָרוועסער, פֿאָרט אויף אַ שטעקן רייטנדיק און אַרבעט, נעבעך, פֿאַר אַלע, גאָר אַ שרעק: פֿאַר דעם פֿורמאַן, אויך פֿאַר דעם פֿערדל און פֿאַר דעם וואָגן. ער שמייסט דעם שטעקן, אָנטרייבנדיק אים מיט אַ געשריי: וויאָ! ער הייבט פּיסלעך, פּוצט אוים דאָס בייכל, פֿאַרוואָרפֿנדיק אַהינטער דאָס קעפּל, הירזשעט ווי אַ פֿערד, שפּרינגט האָץ-האָץ און לויפֿט גאַלאָפּ; ער פּויקט מיט דער האַנט אויף די אָנגעפּוישטע באַקן, פֿון דער זייט אַ קלאַפּ, פֿון יענער זייט אַ קלאַפּ, כריפּעט, סקריפּעט און מאַכט אויף אַלערליי קוילעם: טראַ-טראַם-טאַראַראַם! כיפּ-סיפּ! ווי אַ קלאַפּעריי און אַ סקריפּ פֿון רעדער. ער יאָגט לעבעדיק, קנאַקנדיק-טשאַקנדיק, פּייפֿנדיק גלייך צו הערשעלען, און צוקומענדיק נאָענט, טוט ער אַ הירזשע, דערנאָך אַ געשריי: טפּררררר! אויסלאָזנדיק מיט אַ צענגאָרנדיקן כ-כ-כ-איפּ-סיפּ, און שפּרינגט אַראָפּ פֿונעם שטעקן.

אונדזער הערשעלע פֿאַלט אויף אַ האַמצאָע בײַ מוישע-יאָסים אָנקומען, און ניט לאַנג געטראַכט, מאַכט ער צו אים אויף קונדעס-לאָשן אַזוי:

— סויסע-סאָסי, מוישע-יאָסי, סו-סילסט, דו ווילסט, סיין-סראַנק, זיין קראַנק?

— סיין, ניין! — ענטפערט מוישע־יאָסי אָפּ אויך אויף דעם אייגענעם לאָשן טאַקע — סאָל־סאָט, זאָל גאָט, סיטן־היטן.

— זאָג יאָ, נאַרעלע, טאַקע אָן קאַטאָוועס. גענוג דייטש! — מאַכט הערשעלע — לאָמיר רעדן פּראָסט יידיש. זאָג־זשע יאָ, נאַרעלע, וואָס קען דיך עס אַרן? דו זיי קראַנק און איך וועל דיר געבן רעפועס!... נו, דו ווילסט?

— איך וויל, הערשעלע, איך וויל בעסער עסן.

— עסן?... עסן, מוישע־יאָסעלע, האָב איך ניט, נאָר צוזאָגן אויף שפּעטער אַמאָל, יאָ, זאָג איך צו. נאַ דיר מיין האַנט. נו, וועסטו שוין זיין קראַנק, נאַרעלע?

— איך בין דאָך אָבער געזונט, הערשעלע.

— נישקאָשע, נאַרעלע, איך וועל דיך מאַכן קראַנק. איך וועל דיר טאָן אַ דראַפּעלע, אַ קליין דראַפּעלע אונטן אויפן פּוס. זעסטו, אָט מיט דעם טשוואָק.

אַזוי רעדט הערשעלע איין דעם כאָווער און נעמט פון דער קעשענע אַרויס אַ פאַרזשאַווערטן טשוואָק.

— עס וועט דאָך אָבער ווי טאָן, הערשעלע!

— גאָר אַ קליין דראַפּעלע, מוישע־יאָסעניו, עס וועט ווי טאָן אַ ווײַלע און באַלד טאַקע אויפהערן. איך וועל דאָך דיך היילן, איך מיין דאָך דיין טויווע. וואָס דען? דיין טויווע, נאַרעלע, מיין איך דאָך... און דו ווילסט עס ניט פאַרשטיין.

— גיב־זשע מיר, אויב יאָ אַזוי, באַלד טאַקע עסן. איי, בין איך הונגעריק, הערשעלע!

— אַ גראַם אַ ביסל! — מאַכט הערשעלע, אָנברויגעזנדיק זיך קלאָמערשט — גיי דיר, גיי! איך וויל אים היילן, טאָן אַ טויווע, און ער עסן! פרעסן!...

אויף דעם דאָזיקן שמועס קומען אָן עטלעכע יינגלעך. זיי קוועלן גאָר אָן פון הערשעלעס אַפּטייקל און פון דעם איינפאַל זיינעם. נעמען זיי זיך שטאַרק צו מוישע־יאָסין, איינצושמועסן אים מיט גוטע רייד:

— מוישע־יאָסעניו, נאַרעלע אייגער! אַבי מע מאַכט דיך נאָר קראַנק, וועט מען דיר דערנאָך, נישקאָשע, שוין אונטעררוקן עפּעס קייען. דו פאַרשטייסט?...

מוישע־יאָסי שטרעקט אויס דעם פּוס, די יינגלעך האַלטן אים גוט

פון ביידע זייטן, און הערשעלע נעמט זיך צו דער פּיאַטע זיינער מיט דעם טשוואָק. פריער מאַכט ער אים פּאַמעלעך אַ קליין דראַפּעלע, מוישע־יאָסי פאַרבייסט די ליפּן און שווייגט; דערנאָך גייט ער אים אַריין אַ ביסל טיפער מיטן טשוואָק, מוישע־יאָסי מאַכט: איי־איי־איי!

הערשעלע נעמט אַ פלעשעלע און גיסט זיינע טראָפּנס אויף מוישע־יאָסיס פרישער וואונד. מוישע־יאָסי פאַרקרימט זיך, נעבעך, אַ שרעק, שרייט: עס ברענט!

מוישע־יאָסי האָט טאַקע געהאַט רעכט, געוואוסט, נעבעך, וואָס ער שרייט. די טראָפּנס זיינען געווען צו שטאַרק פעפערדיק און גע־ברענט ווי פייער.

די קונדייסים האָבן געכאַפּט אַ ציטער און זיך צעלאָפן. הערשעלע איז אויך אַנטלאָפן אַ ביסל אין דער זייט און זיך געשטעלט קוקן פון דאָרט אויף זיין כוילע. אַ היפּשע צייט האָט ער, נעבעך, זיך גע־וואַלגערט אויף דער ערד, דערנאָך איז ער ווי ס'איז אויפגעשטאַנען און האָט מיט אַ יאָמער, אַ קלאָג זיך געלאָזט גיין זיין וועג, הינקענדיק שטאַרק אויף דעם רעכטן פוס. געקומען איז ער געזונט און אַוועק־געגאַנגען קראַנק. ער איז געקומען הונגעריק, נאָר לעבעדיק, פריילעך, האַנאַ האָבנדיק פון דער ליכטיקער וועלט, פונעם שיינעם פרימאָרגן — און האָט, פאַר גרויס גוטסקייט צו אים, באַקומען אַ מאַקע!...



ל. האָרוויץ　　　　　　אין כיידער


מענדעלע מויכער ספֿרים

# דער זיידע מענדעלע

● שנייער וואַסערמאַן

אונדזער זיידן מענדעלע —
ווער האָט אים דען נישט געקענט? —
ער פלעגט דאָך מיט זיין אָרעמער „קליאַטשע"
אויספאָרן אַ וועלט.

וואו אַ שטאָט, אַ שטעטעלע,
איז ער דאָרט געווען.
זיינע שיינע קלוגע אויגן,
האָבן אַלץ געזען.

און וואָס דער זיידע האָט געזען,
האָט ער דאָס פאַרשריבן;
איז דערפאַר פונעם זיידן
שיינע מייסעס אונדז פאַרבליבן:

אַ מייסע אַזאַ, פון אַ „קליאַטשע",
וואָס האָט זייער פיל געליטן —
אויף דער „קליאַטשעס" דאַרן רוקן
האָבן אַלע אומגעריטן:

„דאָס קליינע מענטשעלע“, „דער באַל-טאַקסע“,
גלאַט אַזוי „שיינע לייט“.
און נאָך אַ סאַך אַזעלכע מייסעס,
האָט דער זיידע אונדז דערציילט.

איצטער, ווען דער ליבער זיידע
האָט זיך ווייט פון אונדז פאַרקליבן,
האָבן זיינע אייניקלעך
נייע מייסעס אָנגעשריבן.



# שוואַרץ און ווייס

● י. קרעפּליאַק

.1

ווי אַזוי עס האָט פּאַסירט, ווייס ער אַליין ניט. ער האָט נאָר אָפּגעוואַרט די מינוט, אַז די מאַמע זאָל אַוועק אין צווייטן הויז אַרבעטן. באַלד איז ער מיט אימפּעט דורכגעלאָפן דאָס שטיקל וועג און האָט מיט אויפגעריסענע, צעשראָקענע אויגן גענומען זיך איינעסן אין די פאַרביילויפנדיקע מאַשינען און געטראַכט אויף וועלכער קען ער זיך אַרויפכאַפּן.

ער האָט שוין אַלץ פריער גוט באַמערקט. ער ווייס שוין, אַז ער דאַרף וואַרטן ביז די מאַשינען וועלן זיך אָפּשטעלן אויף רויט, נאָכדעם נאָך צוואוואַרטן אַ ביסל, ביז זיי דאַרפן זיך נעמען רירן, זיך אָנכאַפּן פון הינטן און — ער וועט פאָרן!

אָט קומט אָן דער באָס, זאָל ער עפּשר פאָרט אַרויף אויף אים? ניין, ער האָט מוירע פאַרן טרייבער.

נאָר אַ, אַ! אַ גלאַנציקע קאָלירטע מאַשין איז אָנגעקומען, אַ גרינע מיט רויטע פּאַסן, און געבליבן שטיין.

פלינק, באַוועגלעך, ווערן אים הענט און פיס. ווי אַ קעצל גיט ער זיך אַ שאַר צו: אַ כאַפּ אָן, אַ טוליע צו, און ער פאָרט שוין.

פון וואַנען האָט דזשימי געקענט וויסן, וואָס אין דער „ווייסער" וועלט טוט זיך? פון וואַנען האָט דער דזשעניטאָרינס יינגל פון קעלער, דאָרט צווישן די לעדער־קראָמען, געקענט וויסן, אַז די מאַשין טראָגט אים איצט איבער פרעמדע קינדערישע מעלוכעס?

דזשימי האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געוואוסט, אַז מעדיסאָן סטריט איז נאָך לאַנגע קינדערישע מילכאָמעס איינגעטיילט געוואָרן אין דריי מעלוכעס:

פון ניו־באַוערי ביז פּייק סטריט, וואו עס וואוינען מערסטנס גריכן, איז געווען „גריכנלאַנד"; פון פּייק סטריט ביז ראַטגערס, וואו איטאַ־ליענער וואוינען, איז געווען „איטאַליע", און פון ראַטגערס אַראָפּצו איז געווען „יידנלאַנד".

די מילכאָמעס פלעגן פאָרקומען צוליב פאַרשיידענע סיבעס, אָבער דערהויפּט טאַקע צוליב „ריידס" — זיך אָנהענגען פון הינטן אָן באָסעס און מאַשינען. און קעדיי ניט דערהאַרגעט ווערן, באַם אָפּרייסן איינער דעם אַנדערן פון אַ באָס אָדער מאַשין, האָבן זיי געמאַכט גרענעצן: ביז אַהער מעגסטו פאָרן פון דיין מעלוכע, און ווייטער לאָז דיין פּלאַץ פאַרן איינוואוינער פון דער צווייטער מעלוכע. טרעפט אַ מאַשין שטעלט זיך ניט אָפּ באַם גרענעץ, מעגסטו צופאָרן ביזן נאָענטסטן סיגנאַל און — סטאָפּ! ניט ווייטער! אַנדערש וועט מען דיך אַראָפּ־שלעפּן...

## .2

ווי די מאַשין, אויף וועלכער דזשימי איז געפאָרן, האָט זיך נאָר באַוויזן נאָכן באַם אין „גריכנלאַנד", האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל:

אַ נעגערל זיצט אויף אַ מאַשין! אַ נעגערל! שלעפּט אים אַרונטער!

אין „גריכנלאַנד" איז מען געוואָרן אַזוי איבערראַשט פון דער כוצפּע און פון דער פּלוצימדיקייט, אַז מען האָט ניט באַוויזן דזשימין אַראָפּצושלעפּן. עס האָבן זיך נאָר אויפגעהויבן קוילעס, און מען האָט

אָנגעהויבן נאָכיאָגן אויף „סקייטס“ און אויף „פּושערס“ און שרייען צו „איטאַליע“, אַז דאָרטן זאָל מען אים איבערכאַפּן.

אין „איטאַליע“ האָט מען אָבער אויך ניט שנעל געגוג פאַר־שטאַנען, וואָס מען שרייט צו זיי, און איידער זיי האָבן זיך געכאַפּט, איז שוין געווען צו שפּעט.

אין „יידנלאַנד“ איז דער פירער, דייווי, געשטאַנען מיט זיין גאַנצער „גענג“ און זיך געפּאָרעט אַרום אַן אויטאָמאָביל־ראָד, וואָס זיי האָבן געפונען און געבראַכט צוקייקלען אַהער אויפן טראָטואַר און אַרויפגעלייגט אויף אַ ליידיקער איבערגעקערטער מיסט־קאַן.

מיטאַמאָל האָבן זיי ווי דערפילט דעם טומל, וואָס האָט זיך געהאַט אויפגעהויבן אין „גריכנלאַנד“, און זיך גענומען צוקוקן. און דאָ שרייען שוין יינגלעך פון דער ווייטנס און טייטלען אויף אַ מאַשין:

— אַ נעגערל פאָרט! אַ נעגערל פאָרט! שלעפּט אים אַראָפּ!

דזשימי האָט איצט ווי דערפילט די געפאַר. עס שרעקט אים אַזוי דאָס ווייסע גרויסע יינגל, וואָס לויפט צו אים קרום פון טראָטואַר.

דייווי האָט אים אַ פּאַק געטאָן פאַר אַ פוס.

פּלוצלונג האָט זיך אין מיטן טומל אַריינגעשניטן אַ געשריי פול מיט שוידער און טויט־שרעק. דאָס האָט אַ יידישע מאַמע פון מעדיסאָן סטריט דערזען, ווי מען שלעפּט אַראָפּ דעם שוואַרצינקן פאַרן פּיסל, ווי ער לאָזט זיך ניט, און אַרויסגעלאָזט דאָס אוממענטשלעכע געשריי.

## 3.

פריער ווי געוויינלעך האָט זיך דייווי מיט אַ שווער געפיל אומ־געקערט אַהיים. אַן אומעטיקער און צעטראָגענער איז ער געקומען נאָך אין העלן טאָג אין שטוב אַריין.

— פילסט זיך ניט גוט? — האָט אים די מאַמע אַ פרעג געטאָן.

— גאָרניט — האָט ער קורץ געענטפערט.

דייווים פאָטער איז געקומען פון דער אַרבעט, זיך באַגריסט, דערזען אַז דייווי איז שוין דאָ, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— ביסט שוין דאָ? אַבי איך האָב דיך געזוכט אויף דער גאַס.

דער פאָטער האָט זיך געוואַשן אין וואַשצימער און גערעדט אין שטוב אַריין:

— איך האָב איצט אַזוינס געזען, וואָס איך האָב נאָך אין מיין לעבן ניט געזען...

— וואָס ? — איז די פרוי געוואָרן נייגעריק.

— כ'גיי דאָ פאַרביי דעם שפּיטאָל, זע איך אַ רעדל מענטשן באַם אַריינגאַנג, פאַרשטייי איך שוין, אַז ס'איז אַן אומגליק. כ'קום צו, דער־לאַנג אַ קוק און זע אַזוינס, וואָס איך האָב נאָך אין מיין לעבן ניט געזען : אויף די טרעפּ פון שפּיטאָל זיצט אַ שוואַרצע און יאָמערט, וויינט אויפן קאָל, רייסט זיך די האָר פון קאָפּ און זי האַלט אין איין קלאָגן אויפן קאָל :

„זונעניו"... „מיין איינציקער"... „מיין טייערער"... מיין יינגל"...

— עס האָט פאַרכאַפּט באַם האַרצן. איך האָב אַ פרעג געטאָן, וואָס איז דאָ געשען ? ערשט, עס ווייזט זיך אַרויס, אַז היינט באַטאָג, דאָ ניט ווייט, האָבן „לויפערס" אים אַראָפּגעשלעפּט פון אַ מאַשין, און ער איז איבערגעפאָרן געוואָרן...

— אויף טויט ? — האָט די מאַמע אין איין אָטעם אַ פרעג געטאָן. דייווי האָט אַ ציטער געטאָן.

— מען ווייס ניט.

— אַן איין־און־איינציקער ! — באַדויערט די מאַמע.

דייווין איז געוואָרן היים. ער האָט אָנגעהויבן פילן, ווי דאָס אָרט ברענט אונטער אים, און מוירע געהאַט צו קוקן אויף טאַטע־מאַמע.

— און ווייסטו וואָס איך וועל דיר זאָגן — זעצט זיך דער פאָטער ביים טיש און נעמט זיך צום עסן — ווען עס וואָלט ניט געווען קיין שוואַרצער, וואָלטן אים די ווייסע לויפערס ניט אַראָפּגעשלעפּט.

דייווי האָט זיך אויפגעהויבן און זיך געלאָזט צו דער טיר.

— וואוהין גייסטו, דייווי ? האָסט דאָך נאָך גאָרניט געגעסן ?

— איך וויל ניט מער, איך וויל זיין אין גאַס.

דייווי איז אַרויס אין גאַס און מיט אַקשאָנעס געטראַכט, אַז ער איז ניט שולדיק : יענער האָט זיך ניט געלאָזן אַראָפּשלעפּן. וואָלט ער זיך געלאָזן, וואָלט גאָרניט געווען — ער וואָלט אים אויף די הענט אַרונטערגעכאַפּט. ניין, פאַ איז ניט גערעכט, מיט אַ ווייסן וואָלט ער אויך געטאָן דאָס אייגענע... דייווי כאַפּט זיך פלוצים : וואָלט ער מיט אַזאַ ווייס יינגל טאַקע אויך געטאָן דאָס אייגענע ?

פאַרוואָס גייט ער צום שפּיטאָל ? וואָס האָט ער דאָרט צו טאָן ?

בעסער ניט גיין דאָרטן.

ער בלייבט שטיין און לאָזט זיך ווייטער צום שפּיטאָל.

אויף די טרעפּ פון שפּיטאָל האָט ער באַלד דערזען די שוואַרצע. דאָס איז „זיין" מאַמע, האָט ער אַ קלער געטאָן.

איצט איז זי שוין געזעסן אַן איינגעשטילטע, אָבער האָט נאָך אַלץ שטילערהייט געקלאָגט:

„זונעניו"... „מיין יינגל"...

מיטאַמאָל האָט זיך די טיר פון שפּיטאָל געעפנט. אַ יונגער דאָקטער אין אַ ווייסן כאַלאַט האָט זיך באַוויזן, באַטראַכט אַ ווײַלע די מענטשן, געכאַפּט אַ קוק אויף דער יאָמערדיקער שוואַרצער, זי אויפגעהויבן און אַריינגעפירט אינעווייניק. „צו נעמען בלוט", האָט איינער פון אוילעם אַ זאָג געטאָן, „אַ נוירס האָט געזאָגט, אַז מען זוכט אַ פּאָר מענטשן צו נעמען בלוט."

דייוווין האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן. ער האָט אַפילו אַ רעגע ניט געטראַכט, עפּעס האָט ער פאַראַקשנט אַ בויג געטאָן דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט דאָ געגאַנגען האָבן אַ „פייט" מיט עמעצן, אַן עפּן געטאָן די טיר און אַריין אין שפּיטאָל.

ער האָט דערזען אַן עלטערע נוירס, איז ער צו איר צוגעגאַנגען.

— וואָס דאַרפסטו?

— בין געקומען געבן בלוט.

די נוירס האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט.

— וואָס, וואָס דאַרפסטו?

— געבן בלוט פאַרן שוואַרצן יינגל.

— ווער האָט דיך געשיקט אַהער?

— בין אַליין געקומען.

— אַליין געקומען געבן בלוט פאַר אַ שוואַרצן יינגל? — האָט זי איבערגעפרעגט מיט שטוינונג.

— יאָ.

ווען זיי זיינען אַרויפגעפאָרן צו דר. קאָן, איז ער זיי געקומען אַנטקעגן. אַן עלטערער, אַ גרוילעכער, האָט ער עפּעס אַזוי שאַרף און קרומלעך געקוקט און קורץ און גיך אַ פרעג געטאָן:

— ווער האָט דיך געשיקט אַהער?

— אַליין געקומען.

דר. קאַן האָט ווי ניט געהערט דייוויס ענטפער און ווייטער ווי אין קאַעם אָנגעהויבן רעדן אין יידיש :

— טאַטע־מאַמע געשיקט... אַ נייע פּאַרנאָסע באַ יידן : שיקן יונגע קינדער בלוט געבן...

דייווי האָט איצט פאַרשטאַנען, וואָס דער דאָקטער מיינט, און קורץ אַ זאָג געטאָן :

— דאָס האָב איך אים אַראָפּגעשלעפּט פון מאַשין...

דר. קאַן האָט זיך פאַרהוסט, ווי ער וואָלט זיך פאַרשטיקט מיט אַ וואָרט.

— וואָ־אָ־ס ? — האָט ער אויסגעצויגן און אָנגעשטעלט זיין בליק אויף דייווין.

דייווי האָט איצט געקוקט דעם דאָקטער גלייך אין די אויגן, ווי איינער זאָגט : וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר ? און מיט אַקשאָנעם אַרויסגערעדט :

— יאָ, איך האָב אים אַראָפּגעשלעפּט.

דר. קאַן האָט זיך איצט ווי צעשריען :

— פריער וועסטו אַראָפּשלעפּן, נאָכדעם וועסטו קומען געבן בלוט. שמייסן, קאַטעווען דאַרף מען אייך. און וואָס איז דאָס פאַר אַ גע־שעפטן, זיך אָנהענגען אָן מאַשינען און אַראָפּשלעפּן !...

דר. קאַן האָט זיך אַ ביסל באַרואיקט, אָבער נאָך אַלץ גיך און האַרט גערעדט :

— ווייסט, ווי אַזוי מען גיט בלוט ? ווייז דיין האַנט. זעסט, מען וועט דיר דאָ איינשניידן דעם אָדער... דו ווייסט, אַז דאָס טוט ווי ? — האָט ער געמאַכט אַ שטרענג פּאָנעם.

— איך ווייס.

— און ווילסט זיך לאָזן ?

— יאָ.

— וואָס וועט דיין טאַטע־מאַמע זאָגן ?

— זיי טאָרן ניט וויסן.

ביי דר. קאַן האָט זיך מיטאַמאָל דער גאַנצער אויסדרוק געביטן. אין די שאַרפע אויגן האָט אַ בליץ געטאָן אַ מילדקייט און אַ צופרידנ־קייט. ער האָט איצט אַ זאָג געטאָן צו דייווין :

— קום מיט מיר.

דייווי איז אים נאָכגעגאַנגען.

דר. קאַן האָט אים אַריינגעפירט אין אַ גרויס צימער. דייווי האָט דערזען רייען בעטן. אויף די בעטן קינדער פון פאַרשיידענעם עלטער. דר. קאַן האָט אָנגענומען דייווין פאַרן אַקסל און אים צוגעשטופּט צו אַ בעטל.

— דערקענסט ?

אויף אַ בעטל, אויף אַ ווייס קישן איז געלעגן אַ שוואַרץ קעפּל, אַרומגעוויקלט מיט ווייסע באַנדאַזשן. מען האָט קימאַט דאָס פּאָנעם ניט אַרויסגעזען. נאָר צוויי גרויסע אויפגעריסענע אויגן האָבן אַרום־געקוקט.

— זעסט, וואָס דו האָסט געטאָן ?

דייווין האָט פאַרכאַפּט דער אָטעם.

— נו, גוט — האָט דר. קאַן פּלוצלונג אָנגעהויבן רעדן אויסער־געוויינלעך פריינטלעך — כאַראָטע איז אַ גרויסע זאַך, אָבער נאָכ־אַמאָל זאָלסטו מיט קיינעם אַזוינס ניט טאָן. באַ אַזעלכע ייִנגלעך ווי דו נעמט מען קיין בלוט ניט. ער דאַרף ניט קיין בלוט — האָט ער אַ ווייז געטאָן אויף דזשימין — ער וועט געזונט ווערן, אָבער נאָך אַ האָר וואָלט ער געשטאָרבן. נו, גיי אַהיים און זיי אַ וואויל באָכערל.



# די רעגנטראָפּנס און דער פּעלדז

● יעהויאָש

פון רעגנטראָפּנס האָט דער פעלדז געלאַכט:
„איז טאַקע עמעס אַז איר וואַגט צו דענקען,
אַז ס׳ליגט אין אייער מאַכט,
אַראָפּצושווענקען
אַ טייל פון מיר, וואָס לאָך זיך אויס
פון שטאַרקסטן שטורעמס ברויז,
און בין אַזוי מאַסיוו געבויט,
אַז קיינמאָל האָט אַפילע ניט דער בליץ,
געלאָזט אַ קריץ,
אויף מיין פאַרהאַרטעוועטער הויט?..."

די טראָפּנס האָבן שטיל דעם שטיין פאַרטרויט:
„ס׳האָט קיינער ניט פון אונדזערע ברידער,
די מינדסטע קראַפט באַזונדערס,
דאָך האָבן מיר מיליאָנען
לעגיאָנען,
און ווען מיר קאָנען
ניט אויפטאָן היינט קיין וואונדער
דאַן קומען מיר אויף מאָרגן ווידער,
און הויבן אָן די אַרבעט פון דאָס ניי...
מיר פרעגן ניט ווי לאַנג עס דאַרף געווערן,
און ניט, פיל יאָרן זיינען שוין פאַרביי,
און מעגסטו נאָך ווי האַרטנעקיק זיך ווערן,
וועסטו סאָף קאָל סאָף
ניט אויסמיידן די שטראָף,
און וועסט אַ קאָרבן פון די טראָפּנס ווערן..."



# כאַווער „סירקאָ“

## • שאָלעם אַלייכעם

1.

איך מיין, אַז נאָכן נאָמען אַליין איז ניט שווער צו טרעפן, אַז סירקאָ איז געווען נישט קיין מענטש, נאָר אַ הונט, אַ געוויינלעכער הונט מיט אַ גרויער פעל, וואָס דעריבער האָט ער געהייסן „סירקאָ“.

איך זאָג: אַ הונט, אַ געוויינלעכער — איך מוז מיך אָבער באַלד פאַרענטפערן, אַז ניין, ניט קיין געוויינלעכער, ווי מיר וועלן עס באַלד געוואויר ווערן. פריער אָבער מוז מען זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם הונטס ביאָגראַפיע — פון וואַנען קומט צו אַ יידן אַ הונט ? איז אַזאַ מייסע :

אַז נאָכעם וועוויקס איז אַראָפּגעקומען פון שטאָט אין שטעטל אַריין און איבערגענומען דעם הויף, האָט זיך אין הויף געפונען דער הונט סירקאָ, נאָך גאָר אַ יונגער, נאָר שוין אַ פאַרשטאַנדיקער, אַן עמעסער כאָכעם, אויף אַזוי ווייט, אַז ער האָט גלייך דערקענט די נייע באַלעבאַטים און האָט מיט זיי קיין שום געשעפטן ניט געהאַט. אין

שטוב ניט אַריינגעשמעקט אַפילע. מיסטאָמע האָט מען אים שוין פון אָנפאַנג געגעבן אָנצוהערעניש מיט אַ שייט־האָלץ איבערן קאָפּ, אַז אין אַ יידישער שטוב זאָל אַ הונט ניט קריכן.

אין קיך האָט ער אויך ניט געהאַט קיין צוטריט. „פרומע די מויד" מיטן בלינדן אויגל האָט אים אָפּגעוואוינט דערפון סאַכאַקל מיט איין טאָפּ זודיק וואַסער, וואָס זי האָט איינמאָל אין אַן ערעוו־שאַבעס אויסגעגאָסן אויף אים און אָפּגעקאָכט אים אַ שטיק פעל, און דאַפקע גאָר אין גוטן מוט, און נאָך געלאַכט אויך.

## 2.

אַרויסגעטריבן געוואָרן אַזוי מיעס סיי פון שטוב, סיי פון קיך, וואָלט אַן אַנדער הונט אויף זיין אָרט געווים אָפּגעטראָטן פונעם דאָזיקן הויף: „לעבט אייך הונדערט און צוואַנציק יאָר!" ניין, סירקאָ איז געווען ניט אַזאַ מין. ער זאָל וויסן — דער טויט זאָל זיין, וועט ער פון הויף ניט אַוועק! דאָ איז ער געבוירן געוואָרן, דאָ וועט ער פייגערן. און ער האָט געהאַט גוטע פריינט, וואָס האָבן זיך איינ־געשטעלט פאַר אים: די קינדער פון דעם באַלעבאָס. זיי איז ער געפעלן, כאָטש פרומע האָט זיך געפליסט אים צו פאַרמיעסן. אַ סאַך, אַ סאַך הינט וואָלטן זיך ווינטשן האָבן אַזאַ אויסקומעניש מיט אַזעלכע קעסט, ווי סירקאָ האָט געהאַט. פונעם שענסטן און פונעם בעסטן האָבן אים כעוורע אַרויסגעטראָגן אין די קעשענעם — פאַרשטייט זיך, בעסאָד־סוידעס, אַז קיינער זאָל ניט זען און אַפילע ניט אָנשטויסן זיך, וואָרים ס'וואָלט געקאָנט זיין זייער מיעס פאַר יידע צדאָדים. סירקאָ האָט שוין געוואוסט די צייט פון אָנבייסן, פון וואַרעמעס און פון וועטשערע, און האָט שוין אַרויסגעקוקט מיט אַלע אויגן, ווען וועט מען אים שוין אַרויסטראָגן די אַלע גוטע זאַכן. ער האָט שוין געוואוסט אַפילע, באַ וועמען אין וואָסער אַ קעשענע אָנצושמעקן און האָט שוין אַליין געשטופּט די מאָרדע אַהין — אַ הונט אַ כאָכעם!

היינט די קונצן, וואָס כעוורע האָבן אים אויסגעלערנט! אַנידער־לייגן אים, לעמאָשל, אויפן שפּיץ נאָז אַן אָפּגעלעקט ביינדל, אָדער אַ שטיקל ברויט, און זאָגן אים: „ריר ניט!" וועט ער אייך וואַרטן מיט דערעכערעץ וויפיל איר ווילט, ביז ער וועט דערהערן דאָס גוטע וואָרט: „האָם!" דעמאָלט טוט ער אַ שפּרונג־אונטער— און פאַרטיק.

וויפיל מאָל האָט זיך געמאַכט, אַז אויפן האַרצן איז וויסט, אויף דער נעשאָמע פינצטער, אין דער היים געכאַפּט אַ גאָב, אין כיידער — נאָך אַן ערגערן, דעמאָלט פאַרקלייבט זיך שאָלעם נאָכעם וועוויקס וויט אין גאָרטן, אויף יענער זייט ביימער, און סירקאָ מיט אים. דאָרט, הינטערן פּלויט אויף אַ בערגל מיסט, זעצט ער זיך אַוועק מיט זיין געטרייען סירקאָ, וואָס ציט אויס די מאָרדע, קוקט גלייך אין די אויגן אַריין. „וואָס קוקט ער? וואָס טראַכט ער בעאיים-מייסע? פאַרשטייט ער טאַקע יעדע זאַך, ווי אַ מענטש? האָט ער אויך אַ נעשאָמע, ווי אַ מענטש?" אַזוי טראַכט זיך שאָלעם און ער קוקט מיט ראַכמאָנעס און, צו גלייכער צייט, מיט דערעכערעץ אויפן הונט, און דער הונט — אויף אים, ווי אויף זיינעם אַ גלייכן. אַ הונט אַ כאַווער! אַ טייערער, אַ געטרייער כאַווער — סירקאָ!

### 3.

עס וועט ניט זיין איבערטריבן, ווען איך וועל זאָגן, אַז סירקאָ איז געווען אַ הונט אַ כאָכעם, וואָס האָט פאַרשטאַנען, ווער עס האָט אים מער ליב פון אַלעמען. און דעריבער איז קיין וואונדער ניט, וואָס מער ווי צו אַלע קינדער האָט זיך סירקאָ דער הונט צוגעבונדן צום שרייבער פון דער מייסע, געשלאָפן מיט אים כאַווערשאַפט און ליב געהאַט, און טאַקע בעעמעס גרייט געווען אויף אַלץ פאַר זיין כאַווער און פאַר זיין האַר. אַ שטומע צונג — נישט געקענט דאָס אַרויסווייזן, איבערגעבן מיט ווערטער, האָט ער עס אַרויסגעוויזן, ווי אַ הונט, מיט זיין שפּרינגען און מיט זיין קוויטשען און מיט זיין וואַרפן זיך פאַר אים אין דער ערד אַריין אויף זיין הינטישן שטייגער. ס'איז גענוג געווען איין וואָרט, אַז זיין כאַווער און זיין האַר זאָל אים אַ זאָג טאָן: „אויף דיין אָרט!" זאָל סירקאָ אַוועק און ליגן ווי אַ קעצעלע, שטיל, און נאָר מיט איין אויגל לאָקערן, אַכטונג געבן וואָס זיין האַר טוט.

צווישן דעם „האַר" און זיין „קנעכט" סירקאָ איז געווען אַ שטילע ליבע, און דער האַר האָט בעשום אויפן ניט געקענט פאָרשטעלן זיך, וואָס וועט זיין, אַז סירקאָ וועט ניט זיין... וואָס הייסט, ער וועט ניט זיין? ווי איז דאָס מעגלעך? סירקאָ איז דען אַ מענטש, וואָס זאָל אַוועקפאָרן און פאַרגעסן דעם זיי-געזונט?

און דאָך . . . און דאָך איז געקומען דער טאָג, יענער פינצטערער, וויסטער טאָג, וואָס דער גוטער געטרייער סירקאָ איז אַוועק, אַוועק אויף טאָמעד, אויף אייביק און אַזוי אומגעריכט אַוועק, אַזוי מיעס פאַרדראָסיק, אַזוי טראַגיש!

זומער האָט זיך געטראָפן די דאָזיקע טרויעריקע געשיכטע. דאָס איז געווען אַ זומער פון שרעקלעכע היצן, אָן אַ טראָפּן רעגן—מענטשן זיינען מאַמעש אויסגעגאַנגען פון היץ. און דאָס ווייסט איר דאָך, אַז אין די גרויסע היצן זיינען די הינט געפערלעך — זיי ווערן מעשוגע.

איז אַרויס אַ קלאַנג אין שטעטל, אַז אַ הונט איז מעשוגע געוואָרן און האָט צעביסן נאָך עטלעכע הינט, מע ווייסט ניט וועלכע. איז געפאַלן אַ שרעק אויף די שטאָט-לייט, און מען האָט זיך אַ נעם געגעבן צו די הינט פון שטאָט. מע האָט אַראָפּגעבראַכט צוויי הינטשלעגערס, באַוואָפנט מיט גראָבע שטריק און מיט אייזערנע קרוקעס, און זיי האָבן זיך אַ נעם געגעבן צו דער אַרבעט. אין איין טאָג האָבן די דאָזיקע הענקער אַוועקגעלייגט אַ פּאָר צענדליק הינט. אויפן קוק האָבן זיי אייך געקאָנט אָפּשאַצן, וועלכער הונט ס'איז מעשוגע און וועלכער ניט. ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַשטייגער, אַז דער גורל וועט פאַלן אויף דעם גוטן, קלוגן און שטילן סירקאָ?

פון דעם אומגליק זיינען די קינדער געוואויר געוואָרן, קומענדיק פון כיידער אַהיים — און זיי האָבן אויפגעהויבן אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין שטוב: „סטייטש, סירקאָ!... סטייטש, ווי האָט מען עס דערלאָזט אַזאַ מייסע!"

פאַרשטייט זיך, אַז די רעוואָלוציע האָט זיך אויסגעלאָזט מיט אַ קאָנטער-רעוואָלוציע: „כיידער-יינגלעך זאָלן אין זינען האָבן הינט!" און מע האָט זיי מעכאַבעד געווען מיט רעכטע פּעטש, און אויף צו פאַרבייסן האָט מען זיי צוגעשטעלט אַ בענקעלע פאַרן רעבן, געבעטן ער זאָל ניט זשאַלעווען קיין שמיץ. און דער רעבע האָט צוליב געטאָן — ניט געזשאַלעוועט קיין שמיץ... אוי, שמיץ!

נאָר דאָס אַלצדינג איז געווען גאָרנישט אַקעגן דעם, וואָס סירקאָ איז נעבעך אומגעקומען אומזיסט אומנישט!

מער פון אַלע איז געווען דערשלאָגן סירקאָס ליבלינג — דער שרייבער פון דער מייסע. ער האָט עטלעכע טעג דורכאַנאַנד ניט געגעסן, עטלעכע נעכט ניט געשלאָפן, געקאַטשעט זיך אויף אַלע זייטן,

געזיפּצט און געקרעכצט שטילערהייט, נישט געקאָנט פאַרגעסן די שלעכטע בייזע מענטשן, וואָס האָבן ניט אין זיך קיין ביסל ראַכמאָנעס, קיין טראָפּן יוישער. און ער קען ניט פאַרגעסן זיין טייערן סירקאָ מיט די קלוגע גוטע אויגן, און ער פאַלט צו מיטן פּאָנעם צום קישן און באַנעצט עס מיט ביטערע, ביטערע טרערן.

# אַ זון מיט אַ רעגן

● לייב ניידוס

אַ זון מיט אַ רעגן ! אַ זון מיט אַ רעגן !
עס לאַכן מיר גאָלדענע טראָפּנס אַנטקעגן,
זיי לייכטן אין לופטן און פאַלן אויף מיר,
ווי גאָלדענע פונקען אויף זיידענע שניר.

אַ זון מיט אַ רעגן ! אַ זון מיט אַ רעגן !
עס צאַנקען די גראָזן ביים ראַנד פון די וועגן,
עס שמייכלען די בלומען צעקושטע פון ווינט,
אַזוי ווי עס שמייכלט דורך טרערן אַ קינד...

אַ זון מיט אַ רעגן ! אַ זון מיט אַ רעגן !
עס וויגט זיך דער בלוילעכער טייך אין די ברעגן,
עס פאַלן די טראָפּנס אין וואַסער, און גרינג
צעלויפן זיי ווייט אין אַ גאָלדענעם רינג...

אַ זון מיט אַ רעגן ! אַ זון מיט אַ רעגן !
און ווייט, ערגעץ ווייט וואַרפט זיך איבער אַנטקעגן
אין הימל אין בלויען אַ פאַרביקע בריק,
אַזוי ווי אַ וועג צו דעם אייביקן גליק...

# ווילי דער זינגער

● י. א. ראָנטש

1.

„ווילי דער זינגער", אַזוי האָט מען אים גערופן. די קינדער, וואָס האָבן געוואוינט מיט אים אין איין געגנט, האָבן אים אַלע געקענט.

ווילי איז אַלט געווען אַ יאָר 13; הויך געוואַקסן און אויסער־געוויינלעך דאַר. זיין פּאָנעם איז געווען מאָדנע: געל, לאַנג און דרייעקיק; אַ נידעריקער, צעקנייטשטער שטערן, קליינע אייגעלעך, און איבער זיי — לאַנגע, דינע ברעמען. זיין נאָז איז געווען אַזוי ווי אויסגעצויגן, ברייט און הויך, אַ גרויס מויל און אַ שפּיציקע מאָרדע, מיט קליינע האַרטע האָר, וואָס זיינען געפאַלן גלייך אַראָפּ אויפן שטערן.

ווילי איז געווען אַן אומגליקלעך קינד. ווען ער איז אַלט געווען אַ יאָר פינף, האָט אים אַ קאַר איבערגעפאָרן, און זייט דאַן איז ער ניט נאָרמאַל. ער גייט אין שול, אָבער זיצט אין אַ ספּעציעלן קלאַס פאַר אַזעלכע קינדער. ער טשעפּעט ניט קיינעם, נאָר ער רופט אַרוים געלעכטער מיט זיין זינגען און דעקלאַמירן. ער האָט זיך איינגערעדט, אַז ער וועט זיין אַ גרויסער זינגער און אַן אַקטיאָר; דערפאַר רופט מען אים: „ווילי דער זינגער".

קיין זאַך האָט ער ניט אַזוי ליב געהאַט, ווי זינגען, שפּילן און פאָרשטעלן. ס'איז געווען פאַר אים צו הערן טענער פון אַ פּיאַנע, אַז ער זאָל אָנהויבן נאָכזינגען. זיין שטימע איז געווען אַ גראָבע, אַ באַסאָווע, און דאָס פלעגט מער פון אַלץ אַרויסרופן גע־לעכטער באַ די קינדער.

באַ זיך אין דער היים פלעגט ער האַלטן אין איין וויינען, מע זאָל אים קויפן אַ פידל, אָדער מע זאָל אים לערנען זינגען. ווען קיינער איז אין הויז ניט געווען, פלעגט ער אַרויסנעמען פון אַלמער די גאָפּל־מעסער, די טעלער און די בלעכענע פאַן. ער פלעגט זיי אויסלייגן אויפן טיש און ס'איז געוואָרן אַן אָרקעסטער; ער זינגט און שפּילט אויף די „אינסטרומענטן", צימבלט מיטן גאָפּל אָן די טעלער, קלאַפּט מיטן מעסער אויף דער פאַן און פויקט מיטן פוס אין דער פאָדלאָגע. שרייט אויף אים דער טאַטע, ווען ער קומט אַהיים.

## 2.

איינמאָל האָבן ווילים טאַטע־מאַמע אים גענומען צו אַ קינדער־קאָנצערט, וואָס די יידישע שול פון יענער געגנט האָט געגעבן. ווילי האָט פאַר זיך דערזען אַ בילד, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל פריער ניט געזען:

אויף דער בינע פון גרויסן זאַל, וועלכער איז געווען אָנגעפּיקעוועט מיט מענער, פרויען און איבערהויפּט מיט קינדערלעך, איז געווען אויסגעזעצט דער קינדער־כאָר פון דער שול. אַלע קינדער זיינען געווען יאָנטעוודיק אָנגעטאָן. די מיידלעך אין ווייסע קליידער און רויטע שלייפן, די יינגלעך פאַרקאַמטע, מיט ווייסע בלוזעס און שוואַרצע שניפּסלעך.

עס איז מיטאַמאָל פינצטער געוואָרן אין זאַל און בלויז די בינע איז געבליבן באַלויכטן. באַלד איז אַרויף אויף דער בינע דער דיריגענט פון כאָר. דער עולם האָט אים אַפּלאָדירט. ער האָט געטאָן אַ מאַך מיט דער האַנט און די קינדער האָבן זיך אויפגעשטעלט אַלע אַזוי ווי איינער און אָנגעהויבן זינגען...

יענער אָוונט איז בײַ ווילין ניט אַרויס פון זיקאָרן.

ער האָט בײַ זיך באַשלאָסן, אַז ער וועט אויך ווערן אַ כאָר־דיריגענט און פירן מיט אַ שטעקעלע און וואַרפן מיטן קאָפּ אַזוי ווי דער געזאַנג־לערער, וואָס האָט דעם כאָר אָנגעפירט.

צווישן די קינדער אויף דער בינע האָט ער דערקענט אַ סאַך, מיט וועלכע ער פלעגט זיך לערנען צוזאַמען אין פּאָבליק סקול.

ווילים עלטערן זיינען אַהיים געקומען זייער באַגייסטערט פונעם קאָנצערט. דאָס זינגען און דעקלאַמירן פון די קינדער אין יידיש האָט זיי דערמאָנט, אַז ער, ווילי, וועט אויסוואַקסן אַ „גוי", ניט קענענדיק קיין יידישן אָס, און זיי האָבן באַשלאָסן ווילין אַריינצוגעבן אין דער יידישער שול. זיי האָבן געצווייפלט, צי ווילי וועט זיך אויסלערנען שרייבן און לייענען יידיש, אָבער פאַר זיי איז גענוג געווען, ער זאָל זיך געפינען צווישן יידישע קינדער, אין אַ יידישער שול.

די קינדער אין דער יידישער שול האָבן זיך צו ווילין באַצויגן זייער פריינטלעך און ניט אָפּגעלאַכט פון אים. דער געזאַנג־לערער פון דער שול האָט דערלויבט ווילין צו קומען צו דער לעקציע פון

געזאַנג, מיט איין באַדינג: אַז ווילי זאָל זיך בלויז צוהערן און ניט זינגען. באַ ווילין האָט דאָס געהייסן, אַז ער באַלאַנגט צום כאָר. אים פּלעגט טרוקן ווערן אין האַלדז, הערנדיק ווי שיין די קינדער זינגען, און ניט איינמאָל פּלעגט ער ניט אויסהאַלטן: ווען די קינדער האָבן געזונגען אַלע צוזאַמען, פּלעגן זיך פון זיין האַלדז אַרויסרייסן טענער, וועלכע די קינדער און דער לערער פּלעגן גלייך דערקענען. די קינדער פּלעגן זיך צעלאַכן, אָבער באַ ווילין פּלעגן טרערן שטיין אין די אויגן.

## 3.

די קינדער פון דער שול האָבן זיך געגרייט צו אַ קאָנצערט, וואָס זיי אַליין האָבן געדאַרפט געבן. דער כאָר פּלעגט איצט האָבן אָפטע רעפּעטיציעס. ווילי האָט קיין איין רעפּעטיציע ניט פאַרפעלט, און ער פּלעגט אויספירן אַלץ, וואָס דער געזאַנג-לערער פּלעגט אָנזאָגן דעם כאָר.

ווען דער געזאַנג-לערער האָט אַ וואָך פאַרן קאָנצערט איינגעטיילט די פּלעצער פאַר די קינדער אויף דער בינע, האָט ווילי געפאָדערט אַ פּלאַץ פאַר זיך, און ווען מע האָט אים אָפּגעזאָגט, האָט ער אָנגעהויבן וויינען און טיינען, אַז ער קען אויך זינגען: אַז ער פּלעגט קומען די גאַנצע צייט, ניט דורכלאָזן קיין איין רעפּעטיציע. אָבער דער לערער איז געבליבן באַ זיינס: ווילי קאָן קיין פּלאַץ אויף דער בינע ניט האָבן. ווילים טרויס, אַז ער וועט זיצן אַן אויסגעפּוצטער אויף דער בינע צוזאַמען מיטן כאָר, איז צעשטערט געוואָרן. יעדעס מאָל, ווען ער פּלעגט זען דעם לערער, פּלעגט ער זיך באַ אים בעטן, אַז ער זאָל אים לאָזן זיצן אויף דער בינע — אָבער ס׳האָט נישט געהאָלפן. דער געזאַנג-לערער האָט שוין געקאָנט ווילין און ער האָט מוירע געהאַט אַז ווילי קאָן נאָך אין סאַמע מיטן געזאַנג זיך צעברומען מיט זיין קאָל און מאַכן אַ טעל פון גאַנצן געזאַנג.

אין אָוונט פון קאָנצערט איז ווילי געקומען צו דער באַשטימטער צייט אין זאַל אַריין, אַן אויסגעפּוצטער און אַ ריינער. זיין פּאָנעם איז געווען פריילעך, די אויגן האָבן געשטראַלט.

אָט געפינען זיך שוין אַלע קינדער פון כאָר אין צימער הינטער דער בינע, און דער לערער זאָגט זיי אָן צום לעצטן מאָל, ווי אַזוי זיך

צו האַלטן אויף דער בינע. ווילי שטייט און הערט זיך צו. זיין פּאָנעם איז רויט פון פריידיקער אויפרעגונג.

דער לערער, ווייזט אויס, האָט אים פריער ניט באַמערקט, ווייל פּלוצלונג איז ער צוגעגאַנגען צו ווילין און געזאָגט: „ווילי, גיי אַראָפּ אין זאַל. קלייב דיר אויס אַן אָרט און פאַרבלייב דאָרטן; נאָכן קאָנצערט וועלן די קינדער באַקומען אייז־קרים, וועסטו אויך קענען אַרויפקומען און מ׳וועט דיר אויך געבן."

ווילי פאָלגט ניט: ער שטייט און קען קיין וואָרט ניט אַרויסרעדן. דער לערער הייסט אים אַרויסגיין — ווילי וויל ניט. ער ברעכט פּלוצלונג אויס אין אַ הויך געוויין. אַלע קינדער ווערן פּלוצים שטיל און פאַרזאַמלען זיך אַרום אים. ווילי ברומט אַרויס אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, און ווען דער לערער פּרובירט אים באַרואיקן, בעט זיך ווילי, אַז מע זאָל אים לאָזן שטיין הינטער דער בינע. ער פאַרזיכערט, אַז ער וועט ניט זינגען, ער וועט זיך בלויז צוהערן.

די קינדער זיינען גערירט און קוקן אויפן לערער. דער לערער וויליקט איין, ווילי בלייבט הינטער דער בינע.

דער קאָנצערט האָט זיך אָנגעפאַנגען. ווען די קינדער אויף דער בינע האָבן אָנגעהויבן זינגען, איז ווילי געשטאַנען הינטער דער בינע גלייך, ווי אַן אָנגעצויגענע סטרונע, און גאָר שטיל, פאַר זיך, מיטגעזונגען און צייטנווייז געפירט מיט די הענט, אַזוי ווי דער געזאַנג־לערער אויף דער בינע. און ווען דער אוילעם האָט אַפּלאָדירט, און דער דיריגענט האָט זיך געבויגט, האָט ווילי הינטער דער בינע זיך פאַרגעשטעלט, אַז דאָס אַפּלאָדירט מען אים און ער האָט זיך טיף געבויגט; קיינער האָט דאָס אָבער, פאַרשטייט זיך, ניט געזען.

:: :: ::

ווען די קינדער זיינען נאָכן קאָנצערט זיך צוזאַמענגעקומען און האָבן פריילעכע זיך פאַסמאַקעוועט מיטן אייז־קרים, וואָס מע האָט זיי געטיילט, איז דער פריילעכסטער פון זיי אַלע געווען ווילי, און די קינדער האָבן אים באַהאַנדלט אַזוי ווי איינעם פון כאָר.

אויפן וועג אַהיים האָט ווילי אויסגעברומט אַלע לידער, וואָס דער כאָר האָט געזונגען, געפירט מיט די הענט און געבויגט זיך, אַזוי ווי דער געזאַנג־לערער אויף דער בינע.

# הערשעלע אַסטראָפּאָליער

## 1.

מען פרעגט הערשעלען:
— וואָס איז ניצלעכער אויף דער וועלט — די זון צי די לעוואָנע?
— אַוואַדע די לעוואָנע — ענטפערט הערשעלע — ווייל די זון שיינט דאָך נאָר באַטאָג, ווען ס׳איז אַזוי אויך ליכטיק.

## 2.

— נאָך וואָס דאַרף דער מענטש די אויערן?
— קעדיי דאָס היטל זאָל ניט אַראָפּפאַלן איבער די אויערן.

# אין מאַרק

— קויפט, רעב הערשל, די שאַפע. איך פאַרקויף זי זייער ביליק.
— וואָס־זשע וועל איך אַריינלייגן אין איר?
— וואָס הייסט? אייערע קליידער.
— און אַליין זאָל איך גיין נאַקעט? — פרעגט הערשל אַ ברויגעזער.

## בעני גרין

פון אַרט יאָנג



ווי ער זעט אויס אין דער עמעסן.

ווי ער זעט אויס ביי זיין לערער.

ווי ער זעט אויס ביי זיין אויפפּאַסער אין קעמפּ.

ווי ער זעט אויס ביי דער קאַץ.

ווי ער זעט אויס ביי זיין מאַמען.

# די באַלאַדע פון דעם קעניג

● מ. ל. האַלפּערן

די הענט און דאָס פּאָנעם ווי סמאָלע שוואַרץ,
אָבער דאָס ליד וואָס ברענט אין האַרץ —

דער קעניג אַליין אין זיין גאַנצער פּראַכט,
האָט די שיך צום פּאַרריכטן געבראַכט.

איז אָבער אַ יאָסעם געקומען פריער,
לאָזט מען דעם קעניג שטיין באַ דער טיר.

שטייט דער קעניג שטאָלץ און שטייף,
גיט דער שוסטער ווי אַ באַן אַ פייף —

באַצאָלן דאַרף מען פאַר לאַטעס אויף שיך.
נאָר אַז סע מאַכט זיך, מע האָט נישט באַ זיך —

בעט זיך דער קעניג, צו רירן אַ שטיין:
— כ׳וועל באַצאָלן מאָרגן, לאָז מיך גיין.

שרייט דער שוסטער: באַצאָל מיר שוין!
און ער כאַפּט אַראָפּ באַ דעם קעניג די קרוין...

שטייט דער קעניג מיט די פאַרלאַטעטע שיך,
און דער שוסטער מיט אַ קרוין אויפן פּליך...

# אַ פֿאַרשטערטער פּייסעך

## ● שאָלעם אַלייכעם

1.

— רעב ייסראָעל! רעב ייסראָעל! זייט זשע מוּיכל! איר קאָנט זיך אונטערנעמען, ס'זאָל זיין פּאַרטיק דעם קינדס מאַלבושימלעך אויף יאָנטעוו?

אַזוי שרייט די מאַמע צו ייסראָעל דעם שניידער מיט אַלע קויכעס, מאַכמעס ייסראָעל דער שניידער איז טויב, ווי די וואַנט.

ייסראָעל, אַ הויכער ייד מיט אַ לאַנג פּאָנעם און מיט וואַטע אין די אויערן, טוט אַ האַלבן שמייכל און אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט: „פֿאַרוואָס זאָל ניט זיין פּאַרטיק?"...

— נעמט זשע אים, זייט מוּיכל, אַראָפּ אַ מאָס.

ייסראָעל דער טויבער שלעפּט אַרויס פֿון בוזעם-קעשענע אַ לאַנגע פּאַפּירענע מאָס מיט אַ גרויסער שער און שטעלט מיך אַוועק און הייבט מיך אָן אויסצומעסטן אין דער לענג און אין דער ברייט, און די מאַמע שטייט באַ דער זייט און קאָמאַנדעוועט:

— לענגער, נאָך לענגער!... ברייטער, נאָך ברייטער!... די הויזלעך ניט פֿאַרשמעלן!... נאָך, נאָך אַ ביסעלע!... אָט אַזוי!... נאָך, נאָך!... זשאַלעוועט ניט קיין מאַטעריע, וואָרים אַ קינד וואַקסט!...

2.

— אָ, אָט איז רעב געדאַליע! מע זאָל דערמאָנען מאָשיעכן!... איך האָב נאָר-וואָס אין זינען געהאַט צו שיקן צו אייך נאָך אַ מאָל!

געדאַליע איז אַ ייד אַ שוסטער, אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט, פֿון פֿאָרנט אָן ציין, מיט אַ גרויס קיילעכיק בערדל, וואָס מע דערקענט, אַז אַמאָל, שוין לאַנג, איז דאָס געווען אין מיטן אויסגעגאָלט.

— רעב געדאַליע! — מאַכט צו אים די מאַמע — זאָגט נאָר, איר וועט זיך קאָנען אונטערנעמען אויפנייען דעם קינד אַ פּאָר שטיוועלעך אויף פּייסעך?

געדאַליע דער שוסטער איז אַ פֿריילעך יידל, וואָס בעשאַס ער רעדט כאַפּט ער אַ טענצל.

— איר ווילט דאַפקע אויף פּייסעך? — מאַכט ער צו דער מאַמען
— ס'איז דיר אַן אַנטיק! איטלעכער וויל אויף פּייסעך!
ער קראַצט אוים אַ שטיקל בלוי פּאַפּיר, שטעלט זיך אַוועק אויף איין קני און נעמט מיר אַ מאָס.
— לאָזט־צו נאָך אַ קאַפּעטשקע — זאָגט די מאַמע — נאָך, נאָך... וואָס זשאַלעוועט איר אַ שטיקל לעדער?... אָט אַזוי... ס'זאָל אים כאָלילע ניט קוועטשן אין די פינגער!...
— איצט קאָנסטו גיין אין כיידער אַריין — זאָגט מיר די מאַמע — דו זעסט כאָטש, ווי מע ברענגט זיך אוים פון דיינעטוועגן? זאָלסט כאָטש וועלן לערנען, וועסטו זיין אַ מענטש, אַ ניט — וואָס וועט פון דיר זיין? אַ גאַרנישט מיט אַ נישט, אַ הינטשלעגער!...
איך ווייס נאָך אַליין ניט, וואָס עס וועט פון מיר זיין: אַ מענטש, אַ גאַרנישט מיט אַ נישט, אָדער אַ הינטשלעגער? איך ווייס נאָר, אַז עס ווילט זיך מיר זייער־זייער, אַז מיין קאַפּאָטקע זאָל זיין מיט אַ שפּאַלט פון הינטן און מיט אַ קעשענע, און אַז די שטיוועלעך זאָלן מיר סקריפּען. אוי, ווילט זיך מיר סקריפּקעס!...

## 3.

גייענדיק פונעם כיידער אַהיים, כאַפּ איך מיך אַריין קוידעם־קאָל צום שניידער מעקויעך דעם שפּאַלט און מעקויעך דער קעשענע.
באַ אַ גרויסן טיש שטייט ייסראָעל דער טויבער פאַרטיפט אין דער אַרבעט; אויפן האַלדז עטלעכע לאַנגע פעדעם. ער צייכנט מיט אַ קריידל און שערט מיט אַ שער.
— וואָס וועסטו זאָגן, יינגעלע? — מאַכט צו מיר ייסראָעל.
— אַ שפּאַלט — זאָג איך.
— האַ? — מאַכט ייסראָעל און בויגט זיך צו מיר מיטן אויער.
— אַ שפּאַלט! — שריי איך צו אים הויך, ער זאָל דערהערן.
— אַ שפּאַלט?
— אַ שפּאַלט!
— וואו אַ שפּאַלט?
— פון הינטן.
— וואָס פון הינטן?
— אַ שפּאַלט מיט אַ קעשענע.

— גיי, ייִנגעלע, אַהיים — מאַכט צו מיר ייִסראָעל — איך וועל שוין זען, ס׳זאָל זיין אַלצדינג...

איך נעם די פּיס אויף די פּלייצעס און לויף אַוועק פון דאָרטן מיט אַ סימכע צו געדאַליע דעם שוסטער וועגן סקריפּקעס אין די שטיוועלעך.

איך לויף אַהיים איבערבייסן, און פון דאָרט — צוריק אין כיידער אַריין זיך באַרימען פאַר אַלע ייִנגלעך, וואָס פאַר אַ מין מאַלבושימלעך מע נייט מיר אויף פּייסעך: אַ קאַפּאָטקעלע פון הינטן מיט אַ שפּאַלט און מיט אַ קעשענע! און שטיוועלעך מיט סקריפּקעס! מיט סקריפּ-קעס! סקריפּקעס!...

## 4.

— מאַמע, איך בין פריי! — קום איך צו לויפן אַהיים אַ פּאָר טאָג פאַר פּייסעך און זאָג איר אָן אַ בסורע, אַז מע האָט אונדז צעלאָזט פונעם כיידער.

— אַ גדולע אויף דער באָבע! זאָלסט דערלעבן אָנזאָגן בעסערע בסורעס! — ענטפערט מיר די מאַמע, וואָס איז פאַרטאַראַראַמט מיטן פּייסעך. איך קאָן מיר קיין אָרט נישט געפינען. וואו איך זיץ און וואו איך שטיי און וואו איך גיי — איז שלעכט.

— אַוועק מיט די כאָמעצדיקע מאַלבושים פון דער פּייסעכדיקער שאַפע! — טוט די מאַמע אויף מיר אַ געשריי מיט אַזאַ אימפּעט, גלייך ווי איך וואָלט געגאַנגען מיט פּייער אַרום פּולווער.

— פּאַוואָליע, אָט טרעטסטו אָן אויף אַ פּייסעכדיקן זאַק!

— אַהינצוצו זאָלסטו גאָר אַפילע ניט קוקן — דאָרטן שטייט דער פּייסעכדיקער באָרשט!...

איך דריי מיך אַרום פון איין אָרט אינעם אַנדערן, פּלאָנטער מיך אונטער די פּיס. איך כאַפּ אַ שטורך, אַ זעץ, אַ שליידער.

— איינגעזונקען זאָל ווערן דער רעבע דיינער! קראַנק געווען אייך האַלטן אין כיידער נאָך אַ טאָג! באַ לייטן קינדער זיצן אויף איין אָרט, זיצן זיי... קראַנק אַזאַ באָכערל פון קימאַט דאָס ניינטע יאָר נעמען עפּעס טאָן, איבערכאַזערן נאָך אַ מאָל די פיר קאַשעס?

— מאַמע! — זאָג איך — איך קען שוין אויף אויסנווייניק!

— אַ גדולע! — זאָגט די מאַמע — קאָסט קאָרג געלט קאָסט דו?...

קוים מיט צאָרעם דערלעבט דעם אויפדערנאַכט, וואָס דער טאַטע גייט אַרום מיט אַ ליכטל, מיט אַ הילצערנעם לעפל און מיט אַ פלעדער־וויש און רייניקט אוים דעם כאָמעץ, און איך העלף אים זוכן די שטיקלעך ברויט, וואָס ער אַליין טאַקע האָט זיי צוגעגרייט אויף אַלע פענצטער... „סאַכאַקל איין מעסלעס" — טראַכט איך מיר — „נאָך איין נאַכט און איין טאָג — און איך וועל מיך אָנטאָן יאָנטעווודיק, ווי אַ פרינץ, אַ נייע קאַפּאָטקעלע מיט אַ שפּאַלט און מיט אַ קעשענע פון הינטן, און די שטיוועלעך וועלן סקריפּען!... היינט דער סיידער, די פיר קאַשעס, און די פּייסעכדיקע מייכאָלים: לאַטקעס, און קניידלעך, און קוגעלעך, און כרעמזלעך..." איך דערמאָן מיך אָן די מייכאָלים, און עס הויבט מיר אָן צו ציען דאָס האַרץ. איך האָב אַ גאַנצן טאָג קימאַט גאָרנישט געגעסן.

— גיי לייג זיך שלאָפן — זאָגט צו מיר די מאַמע — היינט עסט מען נישט קיין וועטשערע: ס'איז ערעוו־פּייסעך...

איך לייג זיך שלאָפן, און עס כאָלעמט זיך מיר, אַז ס'איז שוין פּייסעך.. איך גיי מיטן טאַטן אין שול אַריין דאַוונען... מיינע נייע מאַלבושימלעך קנאַקן... מיינע שטיוועלעך סקריפּען: סקריפּ! סקריפּ! סקריפּ!... פּלוצים — איך ווייס ניט פון וואַנען עס נעמט זיך אַ שוואַרצער, אַ קודלאַטער הונט און פאַלט אָן אויף מיר „האַוו־האַוו" און כאַפּט מיך פאַרן קאַפּאָטקעלע... דער הונט רייסט מיך פון הינטן, סאַמע באַם שפּאַלט, סאַמע באַ דער קעשענע, און רייסט מיר אָפּ אַ האַלב קאַפּאָטקעלע און וויל אַנטלויפן... לויף איך אים נאָך מיט אַלע קויכעס און פאַרליר אַ שטיוועלע... הויב איך אָן וויינען און שרייען: „גוואַלד! גוואַלד! גוואַלד!"... און איך כאַפּ מיך אויף און דערזע אונדזער דינסטמיידל ביילע שטייט לעבן מיר, רייסט פון מיר די קאָלדרע און שלעפּט מיך פאַר אַ פוס:

— זע נאַר, ווי מע קאָן אים נישט דערוועקן! שטיי שוין אויף! די מאַמע האָט געהייסן, מע זאָל דיך אויפוועקן.

## 5.

אין שטוב איז פּייסעכדיק... אומעטום איז ריין... דער טיש איז גרייט... אָט־אָט, נאָך אַ שאָ, נאָך אַ שאָ וועט ווערן פּייסעך... אָט־אָט, נאָך אַ שאָ, נאָך אַ שאָ, וועל איך מיך אָנטאָן יאָנטעווודיק... נאָר

ביז דער שניידער מיטן שוסטער וועלן מיר ברענגען מיין יאַנטעוודיקן אָנטאָן מאַכט מיך דערוויילע די מאַמע פּייסעכדיק: זי צוואָגט מיר אויס דאָס קעפּל מיט היים וואַסער און מיט אַ גערעכל פון אַן איי. זי קעמט מיך און רייסט מיר די האָר; קנייטש איך זיך, שענקט זי מיר אַלע מאָל אַ שטורך מיטן עלנבויגן, אָדער אַ פּאַטש:

— דו וועסט ניט אויפהערן דרייען זיך, ווי אַ וואָרעם?... אַ קינד זאָל ניט קאָנען איינשטיין! מע טוט אים גוטס, איז ער נאָך ניט צופרידן!...

איבערגעקומען דאָס צוואָגן אויך, זיץ איך מיר אין איין העמדל באַם טיש און וואַרט אויף מיינע נייע מאַלבושימלעך.

עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין ייסראָעל דער שניידער מיט דער אַרבעט. פּאַר גרויס סימכע כאַפּ איך מיך אויף, טו אַ שפּרונג און אַ פאַל מיטן בענקל אין איינעם, שיר ניט געבראָכן האַלדז-און-נאַקן. לויפט אַריין די מאַמע פון קיך מיט אַ פּייסעכדיקן שמאַלץ-לעפל אין האַנט.

— וואָס האָט דאָס אַזאַ קלאַפּ געגעבן, וואָס? ווער איז דאָס געפאַלן, ווער? ס'איז דו, ברענען זאָלסטו אויפן פייער? אַ רועך. אַ שעד, ניט קיין קינד! האָסטו זיך כאָלילע ניט אַ זעץ געטאָן ערגעץ, כאָלילע? אַ מיצווע אויף דיר! לויף ניט, שפּרינג ניט! גיי ווי אַ מענטש!...

די מאַמע לייגט אַוועק דעם שמאַלץ-לעפל און העלפט מיר אַריינ-קריכן אין די נייע הויזלעך אַריין און פון אויבן טוט זי מיר אָן דאָס נייע קאַפּאָטקעלע און איז צופרידן, וואָס ס'איז גענוג גראָס.

איך טו מיך אַ טאַפּ פון הינטן — אַ צאָרע, אַ שלאַק: נישטאָ קיין סימען פון קיין שפּאַלט און פון קיין קעשענע! פּאַרנייט, גלאַט און גאַנץ, אַרום און אַרום!...

— וואָס איז דאָס פאַר אַ קישקע? — רופט זיך פלוצים אָן די מאַמע צו ייסראָעל דעם טויבן און דרייט מיך אויף אַלע זייטן.

ייסראָעל פאַלט באַ זיך ניט אַראָפּ. ער באַטראַכט מיך פון אויבן ביז אַראָפּ, ווי אַ פּראָפעסאָר, און זאָגט, אַז עס ליגט אויסגעצייכנט גוט, מע באַדאַרף גאָר ניט בעסער! „אַזאַ אַרבעט מאַכט מען ניט אַפילע אין פּאַריז! דאָס קאַפּאָטקעלע זינגט, ווי איך בין אַ ייד, סע זינגט!...




— געפעלט דיר דאָס זינגען, וואָס סע זינגט? — זאָגט די מאַמע און פירט מיך צו צום טאַטן — וואָס זאָגסטו אויף דעם געזאַנג?

דער טאַטע דרייט מיך אויף אַלע זייטן, באַטראַכט דאָס קאַפּאָט-קעלע און געפינט, אַז די הייזלעך זיינען יאָ אַ ביסל צו לאַנגלעך...

יישראָעל איז מעכאַבעד דעם טאַטן מיט אַ שמעק טאַבעקע.

— צו לאַנגלעך די הויזן, רעב יישראָעל!

— האַ?... וואָס?... לאַנגלעך, זאָגט איר? ווייסט איר ניט וואָס מע טוט? פאַרקאַטשעט מען זיי.

— זייט איר עפשער אויך גערעכט — זאָגט דער טאַטע — וואָס-זשע טוט מען אָבער, אַז זיי זיינען אַ ביסל צו ברייט, ווייזן אוים, ווי צוויי זעק?

— אַ כעסאָרן — די קאַלע איז צו שיין! — מאַכט יישראָעל און ציט אַריין אַ בערגעלע טאַבאַקע אין נאָז אַריין — ברייט, זאָגט איר? שמאָל איז ערגער, טויזנט מאָל ערגער!...

איך הער נישט אויף צו טאַפּן זיך פון הינטן: איך זוך דעם שפּאַלט מיט דער קעשענע.

— וואָס זוכסטו דאָרטן? — זאָגט צו מיר די מאַמע — דעם נעכטיקן טאָג?

„אַלטער ליגנער!“ — טראַכט איך מיר און קוק אויף יישראָעלן,

ווי אַ גאַזלען — „טויבער לאָך. אַ רועך אין דיין טאַטן אַריין!"...

— פאַרניין געזונט! — זאָגט צו מיר ייסראָעל דער טויבער און צערעכנט זיך פאַר דער אַרבעט.

.6

— אָט איז רעב געדאַליע אויך! — זאָגט די מאַמע — מע זאָל דערמאָנען מאָשיעכן!... פאַרטיק דעם קינדס שטיוועלעך?

— נאָך אַ מין פאַרטיק! — זאָגט געדאַליע דער שוסטער מיט אַ טענצל און טראָגט די אויסגעפּוצטע שטיוועלעך אויף אַ פינגער, ווי מע טראָגט אויף אַ שטענגל פרישע צאַפּלדיקע פיש, נאָר־וואָס געכאַפּט פונעם טייך — די גאַנצע וועלט וויל אויף פייסעך זאָל זיין פאַרטיק! איך האָב געאַרבעט מיט דער גאַל, נישט געשלאָפן אַ נאַכט!... איך, אַז איך גיב אַ וואָרט, מעג דונערן און בליצן!...

די מאַמע מעסט מיר אָן די שטיוועלעך, טאַפּט מיך און קוועטשט מיך און פרעגט מיך, צי פיל איך ניט כאַס־וועכאָלילע, אַז עס זאָל מיך ערגעץ קוועטשן.

— קוועטשן? — זאָגט געדאַליע — מיר דאַכט, אַז אין די שטיוועלעך קאָנען אַריין נאָך אַ פּאָר פיסלעך, ווי באַ אייער זון.

— אַנו, שטעל זיך אָקאָרשט אַנידער אויף דער ערד! — זאָגט די מאַמע.

איך שטעל זיך אַנידער און קוועטש די פּאָדעשוועס, איך וויל הערן, ווי זיי סקריפּען — ווער? וואָס? וועמען? קיין פּיפּס הערט מען פון זיי ניט!...

— וואָס קוועטשסטו אַזוי? — זאָגט צו מיר די מאַמע — האָב צייט, דאָס יאָר איז נאָך געזונג גרויס! וועסט זיי צערייסן ביז איבער אַ יאָר פייסעך!... אַצינד גיי זיך דורך מיטן טאַטן צו יעכיעל דעם קירזשנער, וועט מען דיר אויסקלייבן אַ קאַשקעטל אויף יאָנטעוו; נאָר פּאַוואָליע די שטיוועלעך! קלאַפּ ניט אַזוי מיט די פּאָדעשוועס, זיי זיינען ניט פון אייזן!...

.7

יעכיעל דער קירזשנער זיצט די אַנדערע שטוב פון אונדז. מיר כאַפּן זיך אַריין דורכן הויף צו אים אין קלייט אַריין.

יעכיעל איז אַ ייד פון געבאָרן דאַפּקע אַ ווייסער, מיט ווייסע

האַר; נאָר אַזוי ווי ער האָט שטענדיק צו טאָן מיט שוואַרצע גע־פאַרבטע היטלען, איז ער שטענדיק ווי אויסגעשמירט אין סאַזשע; די נאָז איז ביי אים טאָמעד פון ביידע זייטן בלוי, און די פינגער זיינען ווי איינגעטונקען אין טינט.

— באַרעך־האַבאַ, אַ שאָכן, סקאַצל קומט! — מאַכט צו אונדז יעכיעל דער קירזשנער גאָר פריינטלעך — פאַר וועמען ווילט איר דאָס אַ קאַשקעט אויף יאָנטעוו? פאַר זיך אַליין טאַקע, צי פאַר אייער יינגל?

— פאַר מיין ז ו ן — זאָגט דער טאַטע מיט גאַדלעס — נאָר איר זאָלט מיר ווייזן עפּעס רעכטס... עפּעס אַזעלכעס... איר פאַרשטייט?...

— דעהיינע? — פרעגט יעכיעל און קוקט אויף די פּאַליצעס.

— דעהיינע — זאָגט דער טאַטע און ווייזט אים אויף די הענט — ס'זאָל זיין אי פיין, אי שיין, אי גוט, אי וואָלוול, אי אַזוי... איר פאַר־שטייט?

— זאָגט זשע אַזוי! — מאַכט יעכיעל און כאַפּט־אַראָפּ מיט אַ לאַנגן שטעקן פון דער אויבערשטער פּאַליצע אַ קאַשקעטל, אַ האַלב־קיילעכיקס, אַ קאָלירנדיקס, מיט קעסטעלעך, מיט אַ ווייך דאַשעקל, און טראָגט דאָס צו אויף איין פינגער, און עס דרייט זיך ביי אים גיך־גיך, ווי אַ מילכל... פּאַוואָלינקע טוט ער דאָס מיר אָן אויפן שפּיץ קאָפּ, קוים וואָס ער רירט זיך צו, גלייך ווי מיין קאָפּ וואָלט געווען פון דין גלאָז און ער האָט מוירע, ער זאָל זיך ניט צעברעכן, און ער ווינטשט זיך אַזאַ יאָר, אַזאַ מאַזל, ווי דאָס קאַשקעטל פּאַסט מיר! ס'איז מער נישטאָ ביי אים, זאָגט ער, ווי דאָס איינס, ער זאָל אַזוי ריין זיין פון שלעכטס!... דער טאַטע דינגט זיך מיט אים לאַנג־לאַנג; יעכיעל שווערט זיך, אַז נאָר צוליב אונדז גיט ער דאָס אַוועק אַזוי וואָלוול, ער זאָל אַזוי האָבן אַ קאָשערן פּייסעך און אַלדאָס גוטס!...

איך זע, אַז דעם טאַטן איז דאָס קאַשקעטל שטאַרק געפעלן, מאַכמעס ער גייט צו אַלע מאָל, שפּיגלט זיך אין דעם, טוט מיר אַ גלעט די פּייעלעך...

— ער זאָל כאָטש איבערטראָגן דעם זומער — זאָגט דער טאַטע.

— צוויי זומערן! — זאָגט יעכיעל און שפּרינגט אונטער צום טאַטן — דריי זומערן! אַזאַ יאָר אויף מיר, וואָס פאַר אַ קאַשקעטל דאָס איז! פאַרניץ געזונט!...

ביז איך קום אריין אין שטוב אריין איז שוין דאָס קאַשקעטל ביי מיר אויף די אויערן. איך פיל, אַז ס׳איז אויף מיר אַ ביסל צו גרויס.

— אַן אַן אומגליק, אַבי ס׳איז נישט ענג! — זאָגט די מאַמע און רוקט דאָס מיר אַן קימאַט ביז דער נאָז — זאָלסט דאָס נאָר נישט אויסטאָן אַלע מינוט און אָנטאָן צוריק! זאָלסט ניט טאַפּן מיט די הענט!... טראָג געזונט!...

## 8.

געקומען מיטן טאַטן פאַרנאַכט אין שול אריין דאַוונען, טרעף איך שוין דאָרטן אַלע מיינע כאַוויירים: איציק און בערל, און לייבל, און אייזיק, און צאָדעק, און וועלוול, און שמייע, און קאָפּל, און מייערל, און כייעם-שאָלעם, און שאַכנע, און שעפּסל, און נאָך און נאָך. אַלע גייען אָנגעטאָן יאָנטעוודיק. אַלע מיט נייע קאַפּאָטקעלעך, אַלע מיט נייע שטיוועלעך, נייע קאַשקעטלעך. נאָר קיינער טראָגט ניט אַזאַ לאַנגע קאַפּאָטע ווי איך, קיינער גייט ניט אין אַזעלכע „שטיוואַלעס" ווי איך, און ביי קיינעם זע איך ניט אַזאַ מאָדנעם קאַשקעט, ווי ביי מיר.. פון שפּאַלטן, פון קעשענעס און פון סקריפּקעס רעד איך שוין ניט; מע האָט מיך רעכט אָפּגענאַרט, אָנגעטאָן אַ ספּאָדעק!...

כעוורע האָבן מיך באַגעגנט מיט אַ געלעכטער:

— אָט דאָס זיינען דיינע נייע בגאָדימלעך, וואָס דו האָסט זיך אַזוי באַרימט? וואו איז דיין שפּאַלט פון הינטן? וואו איז דיין קעשענע, וואָס דו האָסט געזאָגט? פאַרוואָס הערט מען עפּעס ניט דיינע שטיוועלעך זאָלן סקריפּען?...

גענוג ס׳איז מיר אַזוי אויך שווער אויפן האַרצן, זאָלצן זיי מיר נאָך אויף די וואונדן! איטלעכער זאָגט אויף מיר אַן אַנדער שטעכווערטל.

איציק זאָגט: וואָס איז דאָס ביי דיר פאַר אַ קאַפּאָטוכע?

בערל: אַ כאַלאַט!

וועלוול: אַ קליידל!

שמייע: אַ קרינאָלינע!

קאָפּל: זע נאָר אַ פּאָר טאַכטוינים מיט צוויי „טשאָבעטעס"!

מייערל: און אַ קאַשקעאוט!

שאַכנע: אַ לאַקשנטאָפּ!

מיט אַ שווער געמיט און מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ גיי איך מיטן

טאַטן אַהיים, קוים וואָס איך שלעפּ די פיס. עס ברענט אַ פייער אין מיין האַרצן! עס גייט מיר ניט אין דער וויין, וואָס מיר וועלן באַלד טרינקען, די גוטע געפעפערטע פיש, וואָס מיר וועלן עסן, די הייסע קניידלעך, מיט די אַלע איבעריקע גוטע זאַכן — אַלץ, אַלץ איז מיר ניט ליב, נימעס, פאַרשטערט, פאַרשטערט!...

# די בלינדע

● מאַרטין בירנבוים

קלאַפּט אַ בלינדע מיט איר שטעקן
אויף צערוישטן טראָטואַר —
איז אַ יעדער קלאַפּ אַ צייכן,
אַ באַהיטער פון געפאַר.

איז אַ יעדער קלאַפּ אַן אויער,
איז אַ יעדער קלאַפּ אַ קוק.
מיט טויזנט כושים אָנגעלאָדן
איז דער אַלטער בלינדערס סטוק.

שעפּטשען שטיל די ליפּן אירע,
מורמלען ווי צו זיך אַליין;
דאַכט זיך, אַז דער קרומער שטעקן,
אַז בלויז ער קאָן זי פאַרשטיין.

גלעט זי אָפּט מיט צאַרטע פינגער,
אים, וואָס קלאַפּט אויף קאַלטע שטיינער
אים, וואָס קלאַפּט אויף קאַלטע שטיינער
אויס איר הייסן, בלינדן צאַר.

# קינדער, מוטערס און פּאַטערס

## ● ב. ווײַנשטײַן

אין יענע יאָרן איז די לאַגע פון יונגע ייִנגלעך און מיידלעך געווען שרעקלעך. אָנשטאָט צו גיין אין סקול פלעגן די מערסטע קינדער אָנפילן די שוויצשעפּער. זיי זיינען געווען געצוואונגען צו גיין אַרבעטן, קעדיי אַרויסצוהעלפן די אָרעמע עלטערן.

די פינישערס און קנעפּל-נייער ביי שניידערייַ זיינען מערסטנס געווען יונגע מיידלעך. זיי פלעגן אָפּזיצן אין שוויצשאָפּ אויף דר׳ערד פון צוועלף ביז פופצן שאָ אַ מעסלעס. דאָס איינציקע פאַרגעניגן, וואָס די דאָזיקע מיידלעך פלעגן האָבן, איז געווען דער שאַבעסדיקער שפּאַציר.

שאַבעס האָט מען אין די מערסטע שעפּער נישט געאַרבעט. די מיידלעך זיינען געווען פריי. זיי פלעגן אַרויסגיין אויסגעפּוצטע אויף גרענד סטריט. דאָס איז געווען די שענסטע גאַס אויף דער איסט סייד, „די יידישע פיפטע עוועניו".

עס איז אָבער געווען אַ ראַכמאָנעס אָנצוקוקן יענע אויסגעפּוצטע מיידלעך. זייערע פּענעמער זיינען געווען בלאַס, די באַקן איינגעפאַלן, און אינגאַנצן איינגעטריקנט פאַר דער צייט.

די פאַרדינסטן פון די אַרבעטער זיינען געווען אַזוי קליין, אַז זיי האָבן נישט געקלעקט פאַר דער פאַמיליע אויף זאַט אָפּצועסן און אויף צו באַצאָלן דירע-געלט. די פרויען און די קינדער זיינען דעריבער געווען געצוואונגען צו גיין פאַרדינען.

עס זיינען געווען אַזוינע פאַבריקן, וואָס פלעגן ברענגען צו פירן די אַרבעט צו די פרויען אַהיים. אָפטער אָבער פלעגן די פרויען אַליין גיין אין שאָפּ אַריין נעמען די אַרבעט. און די אַרבעטן זיינען געווען פאַרשידענע: קינדער-קליידער, קינסטלעכע בלומען, שטריקערייַ, קראַוואַטן און קינסטלעכע פעדערן.

די פאַרדינסטן פון דער גאַנצער פאַמיליע צוזאַמען האָבן קיינמאָל נישט באַטראָפן מער ווי פינף, זעקס טאָלער אַ וואָך.

דאָס איז געווען אין די גוטע צייטן, דאָס הייסט, ווען מע האָט געקראָגן אַרבעט און אַלע האָבן געקענט עפּעס פאַרדינען. עס זיינען

אָבער געווען צייטן, מערסטנס ווינטער־צייט, ווען קיין אַרבעט איז נישט געווען.

פון די פאַרדינסטן, וואָס אַן אַרבעטער פלעגט פאַרדינען, ווען ער האָט געאַרבעט, האָט מען נישט געקאָנט אָפּשפּאָרן קיין סענט אויף שפּעטער. דאָ האָבן זיך ביי יעדן אַרבעטער אָנגעהויבן נייע צאָרעס. אין די מיינסטע פאַלן אַזוינע האָבן מענטשן פאַשעט געהונגערט.

זייער אָפּט האָט מען אין די גאַסן געקאָנט זען אַזאַ בילד:

פאַר דעם אַריינגאַנג פון הויז ליגט אַנגעוואָרפן אויפן טראָטואַר אַ הויפן אַלטע מעבל און קישנס און געשיר: דאָס גאַנצע ביסל אָרעמקייט פון אַן אַרבעטער־פאַמיליע, וואָס דער לענדלאָרד האָט אַרויסגעוואָרפן פאַר נישט צאָלן קיין דירע־געלט.

לעבן די זאַכן איז געוויינלעך געשטאַנען אַ טעלער, אָדער אַ פּושקע, און די פאַרבייגייער פלעגן אַריינוואַרפן אַ נעדאָווע פאַר דער אַרויסגעוואָרפענער פאַמיליע.

אַזוי פלעגן דורכן טאָג זיך אָנזאַמלען עטלעכע טאָלער. מיט דעם געלט האָבן שכיינעס, גוטע מענטשן, אויפגעזוכט אַ נייע דירע פאַר די אַרויסגעוואָרפענע.

## פון לאַנד צו לאַנד

● מ. א. סול

דער יאַם איז שטיל און איך ביים ברעג
לויף נאָך דער ווייטקייט מיט מיין בליק.
און פאָר מיט יעדער שיף אַוועק
און קום מיט יעדער שיף צוריק.

דער יאַם איז שטיל און איך ביים ברעג
פאַרוואַרף פון לאַנד צו לאַנד אַ בריק,
און טראָג אַ גרוס אַהין אַוועק
און ברענג אַ גרוס פון דאָרט צוריק.

# קינדער

● איציק פעפער

ניט מיט קאַלטע הענט מיט הוילע,
נאָר מיט פולע קוישן מיי,
גייט דער גרויסער קינדער-אוילעם,
גייט די גרויסע קינדעריי...

איבער אַלע בערג און שליאַכן,
מ'האָט אַזוינס נאָך ניט געהערט,
ווען באַזונטע קינדער לאַכן,
לאַכט מיט זיי די גאַנצע ערד.

וואונדערט זיך די זון די יונגע,
מיט איר אַלטער זונעריי,
מ'האָט אַזוי נאָך ניט געזונגען,
אַלע לידער: זון און מיי...

די געזונטע מאַכנעס גייען,
און די זון, זי ווערט ניט מיד!
אין די העלע קינדער-רייען
שפּאַנט די צוקונפט און דאָס ליד!

# ארבעט און מענטשן



## ליד פון אַרבעט • ש. פרוג

אָ, לויב און געזאַנג דער מי און דער אַרבעט!
זינגט, גריסט זיי פון האַרצן, טייער און היים!
געזונט זאָלן זיין די הענט מיט מאַזאָליעס,
דער שטערן, פון וועלכן עס גיסט זיך דער שוויים!

געבענטשט זאָלן זיין דער וואָרקשטאַט, דאָס שפּינדל,
דער האַמער, די סאָכע, דער סערפּ און די זעג!
די וועלט איז פאַר איינעם אַ בליענדער גאָרטן,
פאַר טויזנט — אַ שווערער און זומפּיקער וועג.

די פייל איז פון שטאָל, דער האַמער — פון אייזן,
גאַנץ איינפאַך געמאַכט און ניט איבעריק שיין,
מיט זיי אָבער מאַכט מען די שווערד און דעם פאַנצער
און טאַקע די הייליקע קרוינען אַליין.

דער סערפּ איז פון שטאָל, די סאָכע — פון אייזן,
קיין צירונג קיין גרויסע זיינען זיי ניט;
אין זיי אָבער ליגט אונדזער קראַפט, אונדזער לעבן,
אָן זיי איז אוממעגלעך איין איינציקער טריט.

טאָ לויבט-זשע און זינגט דער מי און דער אַרבעט!
זינגט, גריסט זיי פון האַרצן, טייער און היים!
געזונט זאָלן זיין די הענט מיט מאַזאָליעס,
דער שטערן, פון וועלכן עס גיסט זיך דער שוויים!

# קוילן

פּ. הירשביין

ווען מען האָט מיר אָנגעטאָן אַ ספּעציעל היטל מיט אַ שווער לעמפּל אויף מיין שטערן, אָט די אייגענע לעמפּלעך וואָס די קוילן-גרעבער טראָגן, האָט זיך מיר עפּעס אין האַרצן אָפּגעריסן, אַ סקרוך איז מיר דורכגעלאָפן דורך מיין גאַנץ לייב.

מיט מיין לעמפּל אויפן שטערן האָב איך זיך אַריינגעזעצט אין איינעם פון די קליינע פלאַכע וואַגאָנעלעך. כ'האָב מיך אינעם קוילן-שטויב אַריינגעזעצט, דעם קאָפּ איינגעבויגן צו דער קני. דער צוג האָט זיך פון אָרט אַ ריס געטאָן און מיט אַ טרוקענעם גערויש זיך אַוועק-געקייקלט אין באַרג אַריין, אַלץ טיפער, ווייטער. ווי אַ פייל פון בויגן האָבן זיך די וואַגאָנעלעך געטראָגן דורכן שמאָלן פינצטערן טונעל. אַזוי איינגעבויגן אין דרייען, אַז איך זאָל דעם קאָפּ ניט צעשמעטערן אין דעם קוילן-געוועלב, האָב איך אָנגעהויבן צו שפּירן דעם גרויסן באַרג איבער מיר.

די וואַגאָנעס זיינען מיט אַמאָל שטיין געבליבן. דאָ איז דער הויפּט פּונקט פון וואַנען די וועגן צעלויפן זיך אויף אַלע זייטן. פון דאַנען האָב איך מיר גענומען לאָזן צופוס. מיין באַגלייטער וואָרנט מיך איך זאָל היטן דעם קאָפּ ניט צעשלאָגן. דער טונעל איז נידעריק און ס'קומט אויס צו גיין קעסיידער איינגעבויגן, אונטן צווישן די שמאָלע רעלסן פאַר וואַגאָנעלעך וואָס ווערן מיט מויל-אייזלען גע-שלעפּט. כ'בין אַ ווײַלע געבליבן שטיין און זיך אָנגעהויבן צוהערן צו אַלץ אַרום. שטיל. אַן אונטערערדישע שטילקייט. די לופט ווערט אַהער פון דרויסן געטריבן דורך מאַשינען. דאָך איז ווינציק לופט.

מיט אַמאָל האָבן זיך דערהערט טריט פון פערד און אַ גערויש פון



אייזערנע רעדער האָט זיך געלאָזט פּילן אין די רעלסן ביי מיינע פיס.

— וואָס איז עס?

— דאָס קומען אָן מויל־אייזלען. זיי פירן אַרויס קוילן צום צענטער. לאָמיר זיך באַהאַלטן, וואָרים דער וועג איז דאָ שמאָל און דער וואָגן קען אונדז פאַרטשעפּען.

מיט אַ הונדערט טריט ווייטער איז געווען אַ לאָך אין וואַנט, ווי אַ גרויסער אויוון, און כ׳האָב מיך אַהין אַריינגערוקט. די פיס אונטער זיך. לעבן מיר, זייט ביי זייט — מיין באַגלייטער, אויך אַ קוילן־גרעבער.

צוויי מויל־אייזלען זיינען אָנגעקומען, לויפנדיק אונטער דעם קנאַק פון אַ בייטש און שלעפּנדיק אַ וואָגן קוילן. מיט דער בייטש קנאַקט אַ געשטאַלט פון אַ מענטש, וואָס שטייט ביי דער הינטערשטער טייל פון אַ וואַגאָנעלע. ביים שוואַכן שיין האָב איך באַמערקט ווי די מויל־אייזלען בויגן איין זייער רוקן אין דער העלפט, ניט אָפּצושלאָגן זיך אָן דעם טונעל־געוועלב און אַזוי איינגעבויגענערהייט זיינען זיי פאַרבייגעלאָפן און פאַרשוואונדן געוואָרן אין דער פינצטערניש. פון דער

פינצטערניש האָב איך בלויז באַמערקט ווי די אויגן האָבן ביי זיי געברענט ווי ביי אַ קאַץ אין דער פינצטער. מען זאָגט, אַז זיי ווערן דאָ בלינד אין די שאַכטעס. ביים שיין פון לעמפּל האָב איך נאָך אַ זאַך באַמערקט, אַז די מויל־אייזלען האָבן זייער אַ געזונטן און פעסטן אויסזען, כאָטש זיי קומט אוים צו שלעפּן די מאַסע איינגעבויגענערהייט און ס'האָט מיך געוואונדערט פאַרוואָס מיין באַגלייטער האָט אַזעלכע איינגעצויגענע באַקן...

ס'הויבן זיך אָן צו דערהערן איינציקע קלעפּ. מיט שפּיציקע האַמערס קלאַפּט מען ערגעץ אין וואַנט. ווייט, גאָר ווייט איז עס נאָך. דאָרט, אין דער ווייטקייט וויגט זיך אַ רויטלעכער שוואַכער שיין. אין דעם שיין וויגן זיך צוויי שאָטנס פון מענטשן. מיינע אויגן האָבן זיך צוגעוואוינט צו דער טונקלקייט און כ'זע גאַנץ גוט פון ווייטן. דאַכט זיך מיר, אַז מיין לעמפּל אויפן שטערן איז מיר איבעריק. איך קום אַלץ נעענטער צו די שאָטנס, וואָס באַוועגן זיך און וואַרפן דעם רויטלעכן שיין פון זיך. דאָס זייגען צוויי קוילן־גרעבער ביי דער אַרבעט. צוויי־ווייז, געפינען זיי זיך ביי זייער אַרבעט, מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט און האַקן, און האַקן די סאָלידע קוילן־וואַנט און מאַכן דעם טונעל אַלץ טיפער...

— העלאָ!

דאַכט זיך יונגע מענטשן נאָך, און דאָך זעען זיי אוים דורעם אַלט, אַט ווי דער באַרג וואָס איבער אונדז — אַזוי אַלט...

— אַרבעט, אַרבעט. אַ שאָד די צייט. איר אַרבעט דאָך פון טאָג.

זיי נעמען זיך צו דער אַרבעט. איינער הויבט אויף זיין שפּיציקן האַמער און הויבט אָן צו האַקן אויטאָמאַטיש אין דער נידער, לעבן זיינע טריט האַקט ער אַלץ טיפער און טיפער דעם שפּיציקן האַמער אין וואַנט אַריין. דער אַנדערער נעמט אַ לאַנגן עגבויער, וואָס האָט פון דער אַנדערער זייט אַזאַ אויסגעבויגענעם, ברייטלעכן אַגלען פאַרן ברוסט. און ווען ער שטעלט צו דעם שפּיץ פון בויער צו דער וואַנט שפּאַרט ער אָן זיין מאָגערע, ביינערדיקע ברוסט אָן דעם אַגלען, דריקט פעסטער, פעסטער דרייענדיק דעם בויער אין וואַנט אַריין, בויערנדיק אַלץ טיפער און טיפער דאָס לאָך אין דער שוואַרצער קוילן וואַנט. אַז ער וועט מיט זיין ברוסט און עגבויער גענוג טיפער לעכער מאַכן, וועט ער דערנאָך זיי מיט פּולווער אָנפילן, אונטערצינדן דאָס קנויטל,

אַנטלויפֿן, זיך אין אַ ווינקל באַהאַלטן און וואַרטן ביז עס וועט אויפֿ־רייסן...

פֿון זייער אַרבעט ווערט דער קוילן־שטויב געדיכטער און ער ווירבלט זיך ביים שיין וואָס שלאָגט פֿון מיין שטערן־לעמפּל. איך פֿיל, אַז דער שטויב האָט מיך אין גאַנצן דורכגענומען. פֿון מיינע לונגען צעגייט ער זיך אין אַלע ווינקלעך פֿון מיין קערפּער, ער באַשאַפֿט עפּעס אַ מין טרוקענעם געוויש אין מיר...

מיין באַגלייטער דערמאָנט מיך, עפּשער איז שוין צייט פֿאַר מיר אַרויסצוגיין.

אין גאַנצן אַ פּאָר שאָ פֿאַרבראַכט.

. . . און לאַנג, לאַנג, דוכט זיך מיר, וועט עס דויערן, און ווען איך וועל זיצן ביי אַ קאַמין, וואו קוילן וועלן גליען און וואַרפֿן פֿון זיך אַ רויטן שיין, וועט זיך פֿאַר מיר אין יענעם רויטן שיין באַווייזן יענע קוילן־וואַנט אונטער דער ערד, אונטער דעם הויכן באַרג. ביי דער וואַנט — צוויי מענטשן־געשטאַלטן, איינער מיט אַ שפּיציקן האַמער און דער אַנדערער מיט אַ לאַנגן עגבויער, האַקן און בויען די קוילן־וואַנט. דער שיין, וואָס פֿאַלט פֿון די לעמפּלעך אויף זייערע שטערנס צו דער שוואַרצער וואַנט, פֿאַלט פֿון דער וואַנט אויף זייערע פּנימער. אַ טייל פֿון פּנים איז באַלויכטן. ס'רינט דער שווייס פֿון פּנים, אַ שוואַרצער שווייס אויסגעמישט מיט קוילן־שטויב, און ער רינט אַראָפּ ביז צום אויסגעצויגענעם האַלדז, און אַזוי איבער דער אָפּגעדעקטער ביינערדיקער ברוסט, ביז ער ווערט אונטער די קליידער פֿאַרשוואונדן...

## צייכנס פֿון אַרבעט

דאָס וואָס עס ווערט געבראַכט פֿון אַן אַרבעט, איז קיין מאָל נישט שמוציק. עס איז שטויב, קאַלך, פֿאַרב — אַלצדינג וואָס דו ווילסט, אָבער קיין מאָל ניט קיין שמוץ.

אַרבעט שמוצט ניט. זאָג קיין מאָל ניט אויף קיין אַרבעטער, ווען ער קערט זיך צוריק פֿון דער אַרבעט: „ער איז שמוציק", נאָר זאָג: „ער האָט אויף זיינע קליידער צייכנס פֿון זיין אַרבעט."

(דיאַמיטשיס.)

# דער בלייכער אַפּרייטער

● מ. ראָזענפעלד

איך זע דאָרט אַ בלייכן אָפּרייטער
פאַרקאָכט אין דער אַרבעט, אַ שרעק!
און זייט איך געדענק אים אַלץ נייט ער
און לייגט זיינע קרעפטן אַוועק.

עס ווערן כאַדאָשים פאַרפלויגן,
עס לויפן די יאָרן אַהין.
און נאָך זיצט דער בלייכער געבויגן
און קעמפט מיט דער רויער מאַשין.

איך שטיי און באַטראַכט דאָרט זיין צורע,
זיין צורע פאַרשמירט און פאַרשוויצט,
און פיל, אַז דאָ אַרבעט קיין גוואורע,
דער אימפּעט נאָר פראַצעוועט איצט.

דאָך פאַלן די טראָפּנס קעסיידער,
פון אויפגאַנג ביז אונטערגאַנג שפּעט,
און זאַפּן זיך איין אין די קליידער,
און טרינקען זיך איין אין די נעט.

איך בעט אייך, ווי לאַנג וועט נאָך יאָגן
דער בלייכער דאָס לוסטיקע ראָד?
אָ, ווער קען זיין ענדע מיר זאָגן?
ווער וויים יענעם שרעקלעכן סאָד?

אָ, שווער, זייער שווער דאָס צו זאָגן,
דאָך איינס איז באַוואוסט און באַשיידט:
ווען אים וועט די אַרבעט דערשלאָגן,
זיצט טייקעף אַ צווייטער און נייט.

# אַ וואַנט

ז. ליבין

עס איז איינגעבראָכן געוואָרן אַ גרויסע, פינצטערע, פינף-גאָרנ-דיקע טענעמענט כורווע. אַראָפּגעוואָרפן האָט מען זי דערפאַר, ווייל זי האָט שוין קיין קויעך ניט געהאַט צו שטיין און וואָלט געווים אַליין איינגעפאַלן, און אויך דערפאַר, ווייל דער לענדלאָרד האָט שוין אַזויפיל רענט אָנגעזאַמלט, אַז ער האָט שוין געהאַט גענוג געלט אויפצושטעלן אַ נייע כורווע, אַ גרעסערע, אַ העכערע, מיט פיל, פיל מער טענעמענט-גריבער איידער די אַלטע האָט פאַרמאָגט און נאָכדעם שאָרן מער רענט, מער און מער דאָלערס...

דערווייל איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן אַ טענעמענט-כורווע און מיט איר די אונטערשטע וואַנט, וועלכע איז געשטאַנען האַרט ביים אַנטקעגנדיקן טענעמענט-הויז און האָט אָוועקגערויבט די לופט און דאָס ליכט פון פיל, פיל שוואַכע און בלאַסע אָרעמעלייט. ליכט האָט זיך פלוצלונג באַוויזן. אַ ביסעלע לופט האָט אַריינגעאָטעמט אין די לופט-לאָזע דעמפּיקע צימערלעך דורך די אָפענע פענצטער... און פאַר-פינצטערטע מענער, בלאַסע פרויען און אויסגעצערטע קינדער האָבן אַרויסגעקוקט פון די פענצטער מיט באַוואונדערונג, מיט פרייד און מיט גליק געקוקט אויף דעם אָפענעם שטיקל פּלאַץ און אַריינגעאָטעמט לופט. אוי, אַ מעכייע!... אַ ביסל לופט!

דאָס איז געווען אין מיטן זומער. די טעג זיינען געווען הייסע, ברענענדיקע און דאָ איז אַ ווינטעלע אין פענצטער — אַ פאַרגעניגן!

— אוי, זע, מאַמעלע, ליכטיק! — פרייט זיך אַ קינד.

— אוי, די גאַס! זע, אָט זעט זיך אַ סטריט...

— ליכטיק!... ליכטיק!... אָט זיינען אָנקלס, ענטים — פּלאַפּלט אַנטציקט אַ בייבי צו איר מוטער.

צווישן די איינוואוינער פון טענעמענט-הויז האָט זיך אויך גע-פונען כייעם גאָרבער.

ער וואוינט שוין אין דעם זעלבן הויז באַלד דריי יאָר, און די וואַנט האָט אים דערעסן די יאָרן און די טעג!

כייעם גאָרבער איז אַ פּייפּערבאָקס-מייקער. ווען עס איז דאָ אַרבעט, פאַרדינט ער זיבן דאָלער אַ וואָך, אַרבעטנדיק פון פיר דעם

זייגער אין דער פרי ביז צען אין דער נאַכט אַריין, און ווען עס איז סלעק פאַרדינט ער נאַטירלעך דאָס אויך ניט. באַסעס צאָלן אומזיסט קיין געלט ניט.

כייעס האָט אַ ווייב — אַ דאַרע, אַ שווינדזיכטיקע, און פינף קינדערלעך. דאָס יינגסטע איז אַלט דריי מאָנאַטן.

צוליב דער וואַנט, וועלכע מאַכט נאַכט־פינצטער אין זיינע רומס, קאָסט אים רענט ביליקער. דריי צימערן באַוואוינט ער און צאָלט אין גאַנצן זעקס און אַ האַלב דאָלער אַ כוידעש. ווען עס קומט דער ערשטער און מען דאַרף איינצאָלן די זעקס און אַ האַלב דאָלער רענט, עקט זיך דאָס לעבן. כייעס ווייסט, אַז מער ווי זעקס און אַ האַלב דאָלער רענט קען ער ניט צאָלן, און דערפאַר איז ער געווען צופרידן מיט זיין דירע.

נאָר די וואַנט, די וואַנט וואָס הענגט אויף דעם פענצטער, די וואַנט דערעסט דאָס לעבן... פינצטער! שטענדיק פינצטער. עס וואַרפט אָן אַן אומעט. די קינדער האָבן אַלע שוואַכע אויגן, צוליב דער שטענדיקער פינצטערניש. זיין גאָלדע איז עפּשער דערפאַר אַזוי בייז און קראַנק. אָבער וואָס קען מען העלפן? אַז די וואַנט שפּאָרט אים איין אַ פּאָר דאָלער יעדן כוידעש. נאַטירלעך, ווען עס זאָל קאָסטן די זעלבע רענט, וואָלט כייעמען ניט אַרן אַז די וואַנט זאָל איינגעזונקען ווערן אין דער ערד אַריין, אָבער ער פאַרשטייט, אַז דאָס קען ניט זיין. ליכטיקע רומס קאָסטן אין אַמעריקע טייער — פאַר דער זון צאָלט מען גוטע געלט. כייעס און גאָלדע זיינען שוין געווען אַזוי איינגע־וואוינט מיט דער וואַנט, אַז אַפילע ווען זיי פלעגן זיין אין דרויסן, פלעגט זיך זיי דוכטן, אַז אַ וואַנט שוועבט זיי פאַר די אויגן.

און פלוצלונג, גאָר אומגעריכטערהייט, קומט מען און מען וואַרפט אַרונטער די וואַנט, און עס ווערט ליכטיק און לופטיק.

די גאַרבערס זיינען צו דעם גאָר ניט געוואוינט געוואָרן און זיי גלויבן פּאַשעט זייערע אויגן ניט. גאַרבער און זיין קראַנקע גאָלדע און די קינדערלעך, אַפילע די בייבי, זיינען אַלע עפּעס ווי ניי געבאָרן.

גאַרבערן אַליין שווינדלט ניט אין קאָפּ, כאָטש דער שרעקלעכער „ערשטער" קומט שוין באַלד אָן. גאָלדע איז געוואָרן פיל מילדער. זי אָטעמט גאָר לייכטער און די קינדער זיינען אויך גאָר אַנדערע גע־וואָרן... פריילעכער, לעבעדיקער.



— גאַר אַנדערע רומס... — באַטראַכט גאָלדע צופרידן דאָס הויז.
— ליכטיק, אַ קלייניקייט, ליכטיק! — ענטפערט כייעם.

:: :: ::

עס איז געווען שאַבעס פרימאָרגן, דער דריטער ליכטיקער טאָג. כייעם האָט שאַבעס ניט געאַרבעט, איז ער געזעסן לעבן אָפענעם פענצטער און מיט גרוים פאַרגעניגן געקוקט פאַרטראַכטערהייט אויפן ליכטיקן דרויסן.

די קינדערלעך זיינען אַלע געשלאָפן אויפן דיל לעבן פענצטער און גאָלדע האָט פאַרקאָכט טיי.

— כייעם, קום טרינקען טיי.

— האַ? — האָט זיך כייעם אָפּגערופן.

— וואָס ביסטו אַזוי פאַרטראַכט? — האָט גאָלדע מיט אַ שמייכל געפרעגט.

— איך טראַכט — זאָגט כייעם — ווי גוט עס איז צו זיין אַ גוויר.

— אַנטקעגן וואָס זאָגסטו דאָס? — האָט גאָלדע געפרעגט, געקוקט אויף איר מאַן און געשמייכלט.

— זע נאָר וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן עס איז! — האָט כייעם גערעדט, קוקנדיק אין פענצטער אַריין — וואָס פאַר אַ מין נאַכעס עס איז צו וואוינען אָן אַ וואַנט אויף די פענצטער.

— ווער פאַרשטייט עס ניט? — האָט גאָלדע צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, און כייעם רעדט ווייטער.

— זע נאַר, קוק נאַר... מען זעט אַ וועלט... מען זעט אַז מען לעבט... מען גייט... מען פאָרט... מען רעדט... אַ לעבעדיקע וועלט.

— גיי, מעשוגענער, טרינק אַ גלעזל טיי — מאַכט גאָלדע גוט־מוטיק און נעמט אויך קוקן אין פענצטער.

— אַ פאַרגעניגן! — הערט כייעם זיך ניט אויף צו קוויקן.

— אָבער, ווער ווייס אויף ווי לאַנג? — זאָגט גאָלדע מיט אַ זיפץ — מיסטאָמע וועט מען באַלד אַרויפשטעלן אַן אַנדער הויז.

— עט, עס קען אַזוי דער זומער אַריבער... — טרייסט כייעם זיין פרוי — און ווייטער, וויפיל דאָס זאָל ניט געדויערן איז אַ דאַנק גאָט.

— ווילסט עפּעס עסן מיט דער טיי? — פרעגט גאָלדע.

— יעס — ענטפערט כייעם — גיב אַ שטיקל ברויט, עס ווילט זיך עסן.

— זייט עס איז ליכטיק אין הויז, עסט זיך גאָר מער — זאָגט גאָלדע און דערלאַנגט איר מאַן אַ גלעזל טיי מיט אַ שטיקל ברויט צום פענצטער.

זי נעמט אויך אַ גלאָז טיי און זעצט זיך אויך אַוועק לעבן פענצטער.

זיי קוקן אין פענצטער און האָבן שטאַרק האַנאָע.

די קינדערלעך האָבן גענומען אויפשטיין און גלייך צו די פענצטער.

מען האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר און אין הויז איז אַריינגעקומען די מיסעס הערשמאַן, אַ שכיינע פון דעם פערטן פלאָר.

— גוט מאָרגן! — מאַכט די מיסעס הערשמאַן.

— גוט מאָרגן, גוט מאָרגן! — ענטפערן כייעם און גאָלדע ביידע גלייך — קומט זיצן.

— איר האָט האַנאָע פון דער סטריט? — פרעגט די מיסעס הערשמאַן און טוט עפּעס אַ מאָדנעם שמייכל דערביי.

— נו, זאָגט אַדראַבע — רופט זיך אָפּ גאָלדע — זאָגט, מיסעס הערשמאַן, איז ניט אַ ליכט אין די אויגן?

—יעס, געוויס — ענטפערט די מיסעס הערשמאַן — אָבער ניט לאַנג וועט אונדז זיין ליכטיק אין די אויגן.

— מען וועט בויען באַלד? — פרעגט כייעס, און ביידע — אי כייעס, אי גאָלדע — קוקן עפּעס אַזוי ווי דערשראָקן אויף דער מיסעס הערשמאַן.

— בויען וועט מען דאָ ניט אַזוי גיך, עס קען אַזוי איבערגיין פיינע עטלעכע כאַדאָשים, נאָר . . .

— נאָר וואָס דען? — שלאָגן איבער כייעס און גאָלדע דער מיסעס הערשמאַן און קוקן אויף איר מיט ברייטע אָפענע אויגן.

— נאָר מען וועט הייבן דעם רענט צו אַ דאָלער און אַ האַלב אַ כוידעש פאַר דער ליכטיקייט.

כייעס און גאָלדע האָבן גאָרניט געענטפערט, נאָר אַ שווערער שאָטן האָט באַדעקט זייערע פּענעמער און זיי זיינען אַ ווײַלע געבליבן זיצן ווי פאַרגליווערטע...

— מיר וועלן שוין מוזן שטאַרבן מיט אַ וואַנט אויף די אויגן... — האָט כייעס דער ערשטער איבערגעריסן די שווערע שטילקייט.

— גייט פּרעסן! — האָט גאָלדע אַ קאָמאַנדעווע געטאָן צו אירע קינדער.

— לאָז זיי קוקן... — האָט כייעס געענטפערט מיט אַ ביטערן שמייכל — מיר וועלן שוין אין גיכן האָבן אַן אַנדער וואַנט, מען וועט מוזן מופן... אַכט דאָלער אַ כוידעש קענען מיר ניט צאָלן...

זונטיק האָבן די גאַרבערס באַקומען די טרויעריקע נייעס פון לענדלאָרד, אַז מען העכערט זיי דעם רענט, און אויף מאָרגן איז כייעס מיט זיין ווייב אַוועק זוכן אַן אַנדער דירע.

נאָך אַ האַלבן טאָג זוכן האָבן די גאַרבערס געפונען אַ דירע פאַרן זעלבן רענט, וואָס זיי האָבן געצאָלט אין דער אַלטער דירע.

אויך דריי פינצטערע צימערלעך מיט אַ וואַנט קעגן די פענצטער, נאָך נעענטער ווי די ערשטע.



אַ שפּאַציר — י. אַרמין

# הענט

י. א. ראָנטש

פון שווערער, שוואַרצער ערד אַרויס
צום אומגעצאַמטן הימל-רויס
זינגען-אויס און קלינגען-אויס —
דורך יעדן בלאַט און בלום און בוים,
דורך מוירעדיקע מויערן און ווענט —
די אויסגעאַרבעטע פּאָר הענט.

זיי זינגען דאָס געזאַנג פון שוויס,
פון בויער-יאָך און מוסקול-מאַכט;
פון בלוט, וואָס פליסט אָן אויפהער הייס,
פון מי, וואָס שיידט ניט טאָג פון נאַכט;
פון ראַר, וואָס ווערט ניט אָפּגעשטעלט,
פון אייביק לעבן, וואָס באַפעלט.

די הענט, די גוטע האַרטע הענט —
די טאַטע-מאַמע פון דער ערד,
וואָס פלאַקערן און ווערן ניט פאַרברענט,
וואָס זייער ליד צו יעדערן געהערט,
זיי זיינען אַזוי שאָפלדיק און קליין,
און קיינער הערט ניט זייער געוויין.

נאָר ווען עס ווערט צעשטויבט די לעצטע קייט,
און ס׳ווערט צעקראַכט די לעצטע טפיסע-וואַנט —
דאַן וועט דאָס מאַכטיק יובל-ליד פון פרייד
געהערן צו דער פרייער אַרבעט-האַנט.
אַ מאָנומענט, מאָנומענט
צו אייביק-פרייע, גוטע הענט!

# מיין ברודער עליע מאַכט טינט

## ● שאָלעם אַלייכעם

.1

מיין ברודער עליע האָט געקויפט אַ בוך פאַר אַ רובל. דאָס בוך הייסט „פאַר אַ רובל אַ הונדערט!“ ער זיצט און לערנט אים אויף אויסנווייניק. דאָרטן זיינען דאָ אָן אַ שיר רעצעפּטן, ווי אַזוי מע מאַכט געלט. ער קען שוין קימאַט אַלע רעצעפּטן. ער ווייסט שוין, ווי אַזוי מע מאַכט טינט, ווי אַזוי מע מאַכט שוואַוואַקס, ווי אַזוי מע טרייבט אַרויס מייז און טאַראַקאַנעס און אַנדערע מיעסקייטן. ער רעכנט, קוידעם קאָל, זיך נעמען צו טינט. טינט, זאָגט ער, איז אַ גוטער אַרטיקל. אַלע לערנען זיך שרייבן. ער איז אַ באַלן געווען פרעגן ביי יודל דעם שרייבער, וויפיל גייט אַוועק ביי אים טינט? זאָגט ער: אַ פאַרמעגן!

מיין ברודער איז אַוועק אין אַפּטייק און האָט געבראַכט אַ גוזמע „פּראָשקעס“, און „גליצערינע“ אַ גאַנצע פלאַש. נאָכדעם האָט ער זיך פאַרשפּאַרט אין אַלקער און האָט עפּעס געטאָן. וואָס — ווייס איך ניט. ס'אַ סאָד. אַלצדינג איז ביי אים אַ סאָד. די „פּראָשקעס“ מיט דער „גליצערינע“ האָט ער אויסגעמישט אין אַ גאַנץ גרויסן טאָפּ (אַ נייעם טאָפּ געקויפט). דעם טאָפּ מיטן געמישעכץ האָט ער פאַררוקט אין אויוון. נאָכדעם האָט מען אַריינגעקאַטשעט אין שטוב אַריין דאָס פעסל פון קוואַס. נאָכדעם האָט מען פּאַוואָלינקע אַרויסגענומען דעם טאָפּ פונעם אויוון און מע האָט פּאַוואָלינקע אַריינגעגאָסן דאָס געמישעכץ אין פעסל אַריין. נאָכדעם האָט מען אָנגעהויבן גיסן אין פעסל אַריין וואַסער. אַז דאָס פעסל איז געוואָרן אָנגעפילט העכער האַלב, האָט מיין ברודער עליע אַ זאָג געטאָן: „גענוג!“ און האָט זיך גענומען צום בוך וואָס „פאַר אַ רובל — הונדערט“. געקוקט און געהייסן שטילערהייט זיך ברענגען אַ פרישע פען מיט אַ ווייסן בויגן פּאַפּיר. איינגעטונקען די פען אין פאַס און געגעבן אַ שרייב עפּעס אויפן ווייסן בויגן פּאַפּיר מיט אַ דריידל און מיט אַ צוק. דאָס אָנגעשריבענע האָט ער צוגעטראָגן פריער צו דער מאַמען, נאָכדעם צו מיין שוועגערין בראָכע. די ביידע האָבן געגעבן אַ קוק אַריין און אַ זאָג צו אים:

— סע שרייבט!

באַלד נאָכדעם האָט מען זיך גענומען ווידער צו דער פריערדיקער אַרבעט. אָנגעגאָסן נאָך אַ פּאָר עמער וואַסער, האָט מיין ברודער עליע אויפגעהויבן די האַנט: „גענוג!" ווידער אַ מאָל איינגעטונקען די פּען אין פּאַס, ווידער אַ מאָל געגעבן אַ שרייב-אַריין אין ווייסן פּאַפּיר אַריין און ווידער אַ מאָל צוגעטראָגן דאָס אָנגעשריבענע פּריער צו דער מאַמען און נאָכדעם צו מיין שוועגערין בראָכע. די ביידע האָבן ווידער געגעבן אַ קוק-אַריין אין פּאַפּיר אַריין און אַ זאָג:

— סע שרייבט!

אָט אַזוי עטלעכע מאָל, ביז דאָס פּאַס איז געוואָרן פול, ווי אַן אויג. עס איז שוין ניט געווען וואוהין צו גיסן וואַסער. דעמאָלט האָט מיין ברודער עליע געגעבן אַ הויב-אויף די האַנט: „גענוג!" — און מיר אַלע פיר האָבן זיך געזעצט עסן.

## 2.

נאָכן עסן האָבן מיר זיך גענומען צעגיסן די טינט אין פלעשער. פלעשער האָט מיין ברודער עליע צונויפגעבראַכט פון דער גאַנצער וועלט. אַלערליי פלעשער און פלעשלעך. גרויסע און קליינע. פלעשער פון ביר, פלעשער פון ווייַן, פלעשער פון קוואַס, פלעשער פון בראָנפן, און גלאַט פלעשער. נאָכדעם האָט מען זיך אַלע פיר גענומען צו דער אַרבעט. די אַרבעט איז געווען איינגעטיילט דאַפקע גוט. מיין שוועגערין בראָכע האָט די פלעשער דורכגעשווענקט און איבערגעגעבן צו דער מאַמען. די מאַמע האָט אַריינגעקוקט אין יעדן פלאַש און איבערגעגעבן צו מיר אין די הענט אַריין. איך האָב נאָר באַדאַרפט אַריינשטעקן אין פלאַש אַריין די „לייקע" און צוהאַלטן מיט איין האַנט די לייקע, מיט דער אַנדערער דאָס פלאַש. און מיין ברודער עליע האָט געהאַט איין אַרבעט: אָננעמען מיטן קווערטל פון פּאַס און גיסן צו מיר איבער דער „לייקע". אַן אַרבעט איז דאָס זייער אַ וואוילע, אַ פריילעכע. איין כיסאָרן נאָר: ס'איז טינט — עס פלעקט די פינגער, די הענט, די נאָז, דאָס גאַנצע פּאָנעם. מיר ביידע, איך און מיין ברודער עליע, האָבן זיך געמאַכט שוואַרץ ווי די שיידים. דאָס ערשטע מאָל זע איך, מיין מאַמע זאָל לאַכן. פון מיין שוועגערין



בראָכע שמועסט מען ניט: יענע איז שיר צעזעצט געוואָרן פאַר געלעכטער. מיין ברודער עליע האָט פיינט, אַז מע לאַכט פון אים. בייזערט ער זיך אויף מיין שוועגערין בראָכע, און פרעגט זי, וואָס זי לאַכט. לאַכט זי נאָך שטאַרקער. ווערט ער נאָך מער אין קאַעס, לאַכט זי נאָך מער.

## 3.

מיין ברודער עליע האָט געבראַכט צו טראָגן אַ גרויסן בויגן פּאַפּיר. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבן מיט גרויסע סידער-אויסיעס:

| |
|---|
| **דאָ פאַרקויפט מען טינט הורט** |
| **און צו איינצלנע גוט און וואָלוול.** |

די צוויי ווערטער „צו איינצלנע" און „וואָלוול" זיינען געווען אַזוי גרוים, אַז זיי האָבן פאַרנומען קימאַט דעם גאַנצן בויגן. אַז דאָס אָנגעשריבענע האָט זיך אויסגעטריקנט, האָט ער דאָס פּאַפּיר אויסגעהאַנגען ביי אונדז אויף דער טיר פון יענער זייט. אַ סאַך מענטשן זיינען דורכגעגאַנגען און האָבן זיך אָפּגעשטעלט קוקן. איך האָב עס געזען דורכן פענצטער. מיין ברודער עליע קוקט אויך אין פענצטער אַריין און ברעכט די פינגער. אַ סימען, אַז ער איז צעטראָגן. ער מאַכט צו מיר:

— ווייסטו וואָס? גיי אומיסטן, שטעל זיך אַוועק ביי דער טיר און הער זיך צו, וואָס זאָגט מען.

מיך דאַרף מען לאַנג ניט בעטן. איך שטעל מיך אַוועק ביי דער טיר און הער זיך צו, וואָס זאָגט מען, ווער עס שטעלט זיך אָפּ און וואָס מע רעדט. אָפּגעשטאַנען אַקעגן אַ האַלבע שאָ, קום איך אַריין צוריק אין שטוב. מיין ברודער עליע גייט צו צו מיר און פרעגט מיך שטיל:

— נו?

— וואָס נו?

— וואָס האָבן זיי געזאָגט?

— ווער?

— די מענטשן, וואָס זיינען געגאַנגען פאַרביי.

— זיי האָבן געזאָגט, אַז ס'איז שיין אָנגעשריבן.

— און מער גאָרנישט?

— מער גאָרנישט.

מיין ברודער עליע זיפצט. וואָס זיפצט ער? די מאַמע פרעגט אים אויך דאָס זעלבע.

— וואָס זיפצסטו, נאַרעלע? ווארט אויס אַ קאָפּ. אין איין טאָג

ווילסטו, זאָל אויספּאַרקויפֿט ווערן די גאַנצע סכוירע?

אַזוי זאָגט צו אים די מאַמע און גרייט צום טיש. מיר וואַשן זיך און גייען עסן. מיר שפּאַרן זיך צונויף אַלע פֿיר אינאיינעם. איבער די פֿלעשער איז ענג אין שטוב — סאַקאָנעס. לויפֿט אַריין אַ באָכערל.

— דאָ פֿאַרקויפֿט מען טינט?

— יאָ, וואָס איז דען?

— איך האָב געוואָלט אַ ביסל טינט.

— וויפֿיל דאַרפֿסטו טינט?

— גיט מיר פּאַר אַ קאָפּיקע טינט.

מיין ברודער עליע איז אויסער זיך. ער זאָל זיך ניט שעמען פּאַר דער מאַמען, וואָלט ער אָט דאָס באָכערל פֿריער דורכגעפּאַטשט און נאָכדעם אַרויסגעוואָרפֿן פֿון שטוב. ער האַלט זיך איין און גיסט אים אָן פֿאַר אַ קאָפּיקע טינט. עס גייט ניט אַוועק קיין פֿערטל שאָ, קומט אַריין אַ מיידל. דאָס מיידל קען איך ניט. זי קאַלופּעט מיטן פֿינגער די נאָז און רעדט צו מיין מאַמען:

— דאָ מאַכט מען טינט?

— יאָ, וואָס איז דען?

— די שוועסטער האָט געבעטן, טאָמער קאָנט איר איר לייען אַ ביסל טינט. זי דאַרף אַוועקשרייבן אַ בריוול קיין אַמעריקע צו איר כאָסן.

— ווער איז דיין שוועסטער?

— באַסיע די נייטאָרין.

— אַ? זע נאַר, ווי זי איז אויסגעוואַקסן! קיינאַהאָרע! איך האָב דיך גאָרניט דערקענט. אַ טינטערל האָסטו?

— ווי קומט צו אונדז אַ טינטערל? מיין שוועסטער האָט געבעטן, טאָמער האָט איר אַ פּען, זי וועט נאַר אָנשרייבן דאָס בריוול קיין אַמעריקע, גיט זי אייך אָפּ צוריק די טינט און פּען.

מיין ברודער עליע איז נישטאָ ביים טיש. ער איז אין צווייטן צימער. ער גייט אַרום מיט שטילע טריט, קוקט אַראָפּ און בייסט די נעגל.

**4.**

מיין ברודער עליע גייט אַרום אין איינע צאָרעס. וואָס טוט מען מיט דער טינט?

— ווידער אַ מאָל טינט? — זאָגט אים די מאַמע.

— איך רעד נישט פון קיין טינט! — ענטפּערט איר מיין ברודער עליע— כאַפּט דער רועך די טינט! איך רעד פון די פלעשער! עס ליגט אַ קאַפּיטאַל אין די פלעשער! מע דאַרף זען אויסליידיקן די פלעשער און מאַכן פון זיי געלט!...

פון אַלצדינג מאַכט ער געלט! און עס בלייבט, אַז מע דאַרף די טינט אויסגיסן! שלעכט איז נאָר איין זאַך: וואוהין גיסט מען אויס אַזוי פיל טינט?

— עס וועט ניט העלפן — זאָגט מיין ברודער עליע — מע וועט מוזן צוּוואַרטן ביז ביינאַכט. ביינאַכט איז פינצטער, וועט קיינער ניט זען.

קוים דערלעבט נאַכט. אויף צעלאָכעס, שיינט די לעוואָנע, ווי אַ לאָמטערן. דעמאָלט ווען מע דאַרף, וועט זי זיך באַהאַלטן. איצט איז זי דאָ. מע האָט געשיקט נאָך איר!... אַזוי זאָגט מיין ברודער עליע, און מיר טראָגן אַרוים אַ פלאַש נאָך אַ פלאַש און — פליוך אין דרויסן אַרוים. פון גיסן אויף איין אָרט ווערט אַ טייך. מע דאַרף ניט גיסן קעסיידער אויף איין אָרט. אַזוי זאָגט צו מיר מיין ברודער עליע, און איך פאָלג אים. איך זוך אוים אַלע מאָל אַ פריש אָרט. יעדע פלאַש האָט ביי מיר אַן אַנדער אָרט. דער שכיינעס וואַנט — פליוך! דעם שאָכנס פאַרקאַן — פליוך! צוויי ציגן ליגן אַקעגן דער לעוואָנע און מאַלעגיירעץ — פליוך!

## .5

איך ליג נאָך אויף מיין געלעגער, אויף דער ערד, און הער פון שלאָף אַ הו־האַ. ביסלעכווייז עפן איך אויף די אויגן — ס'איז שוין גרויסער טאָג. איך כאַפּ מיך אויף און טו זיך אָן אויף גיך. מיין מאַמע איז פאַרוויינט (ווען איז זי ניט פאַרוויינט?). מיין שוועגערין בראָכע איז אין קאַעס (ווען איז זי ניט אין קאַעס?). און מיין ברודער עליע שטייט אין מיטן שטוב, דעם קאָפּ אַראָפּ, כאָטש מעלק אים אוים. וואָס איז די מייסע? ניט איין מייסע, נאָר עטלעכע מייסעס. אונדזערע שכיינים זיינען אויפגעשטאַנען אין דער פרי, האָט זיך אָנגעהויבן אַ כאַסענע — מע האָט זיי געקוילעט. איינעם האָט מען אָפּגעשפּריצט די גאַנצע וואַנט מיט טינט. דעם אַנדערן האָט מען אָפּגעגאָסן דעם פאַרקאַן, אַ נייעם פאַרקאַן. דער דריטער האָט געהאַט צוויי ווייסע ציגן, האָט מען זיי אים געמאַכט שוואַרץ, נישט צו דער־

קענען. דאָס אַלץ וואָלט נאָך געווען צו דערליידן, ווען ניט דעם שויכעטס זאַקן. אַ נייע פּאָר זאָקן, ווייסע זאָקן, האָט די שויכעטקע אויסגעהאַנגען ביי אונדזער שכיינע אויפן פּאַרקאַן, האָט מען פון זיי געמאַכט אַ טעל. עמעצער האָט זי געבעטן, זי זאָל אויסהענגען זאָקן אויף אַ פרעמדן פּאַרקאַן. די מאַמע האָט איר צוגעזאָגט אָפּקויפן אַ פּאָר נייע זאָקן, אַבי ס׳זאָל זיין שטיל. וואָס־זשע וועט זיין מיט דער וואַנט? מיטן פּאַרקאַן? ס׳איז געבליבן, אַז מיין מאַמע מיט מיין שוועגערין בראָכע זאָלן מעכילע זיך אַוועקשטעלן מיט צוויי בערשט־לעך און מיט וויסער ליים און פאַרשמירן די פלעקן.

6.

— איצט וועל איך שוין זיין קליגער — מאַכט צו מיר מיין ברודער עליע — לאָז נאָר ווערן נאַכט, אַזוי טראָגן מיר אָפּ די פלעשער צום טייך.

גערעכט, ווי איך בין אַ ייד! וואָס קאָן זיין נאָך קליגער דערפון? עס איז נאָר געוואָרן נאַכט, האָבן מיר אָנגעפּאַקט פולע קוישן מיט פלעשער און גענומען טראָגן זיי צום טייך. אויסגעגאָסן די טינט, אָפּגעטראָגן די ליידיקע פלעשער אַהיים און אָנגענומען ווידער אַ מאָל פולע פלעשער. אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר אַזוי געאַרבעט. איך האָב שוין לאַנג ניט געהאַט אַזאַ גוטע פריילעכע נאַכט.

פון אונדזער טינט איז דאָס טייכל געוואָרן אַ ביסל גרעסער. אַ קלייניקייט, עפּשער טויזנט פלאַש טינט! דערפאַר אָבער האָבן מיר זיך אָנגעהאָרעוועט, ווי די אָקסן. אַנטשלאָפן געוואָרן זיינען מיר, ווי די געהאַרגעטע. אויפגעוועקט האָט אונדז די מאַמע מיט אַ געוויין:

— פאַרפינצטערט בין איך געוואָרן און ווייי איז מיין וועלט! וואָס האָט איר געטאָן אַזעלכעס מיטן טייך?...

עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז מיר האָבן אומגליקלעך געמאַכט אַ גאַנצע שטאָט: די וועשערינס האָבן ניט וואו צו וואַשן וועש. די באַלעגאָלעס האָבן ניט וואו אָנצוטרינקען די פערד. די וואַסער־פירער... אָט וועלן זיי זיך צונויפנעמען אַלע אינאיינעם און וועלן קומען זיך רעכענען מיט אונדז. אַזוי זאָגט אונדז אָן די מאַמע אַ בסורע. מיר אָבער ווילן אויף זיי ניט וואַרטן. מיר ווילן ניט זען, ווי אַזוי וואַסער־פירער וועלן זיך מיט אונדז רעכענען. איך און מיין ברודער עליע נעמען די פיס אויף די פלייצעס און — מאַרש צו זיין כאַווער פיני.

# אַ גאַס ניסט

## • שאָלעם אַליכעם

דער כעסאָרן פון מיין ברודער עליע — וואָס ער האָט ליב אַ סאַך. קוואַס — אַ דייזשקע. טינט — טויזנט פלעשער. אַ פּראָשעק פון מייז — אַ פולער זאַק. אונדזער שכיינעס מאַן, דער איינבינדער, האָט אים אָבער געזאָגט: „וואָס דאַרף מען אַזוי פיל?" — האָט אים נאָך מיין ברודער עליע גוט מעכאַבעד געווען. וואָלט מען כאָטש דעם זאַק פאַר־שלאָסן ערגעץ אין אַ שאַפע. גייען זיי אַלע אַוועק און לאָזן מיך איבער איינעם אַליין מיטן זאַק. וואָס קומט מיר דערפאַר, וואָס איך האָב מיך אַוועקגעזעצט אויף אים אויף אַ ווײַלע רייטנדיק? עלעהיי ס'איז אַ פערדל! זאָל איך זיין אַ נאָווי, אַז דער זאַק וועט פּלאַצן, און עס וועט זיך געבן אַ שאָט-אויס פון אים עפּעס אַ געלע זאַך! דאָס איז טאַקע דער פּראָשעק, וואָס מיין ברודער עליע פאַרטרייבט מיט אים מייז. ער האָט אַזאַ שאַרפן רייעך, אַז מע קאָן כאַלעשן! איך בויג מיך אָן, איך וויל צונויפנעמען דאָס, וואָס האָט זיך צעשאָטן, פאַלט אָן אויף מיר אַ ניסעריי. איך זאָל אַריינציען אין נאָז אַריין אַ גאַנצע פּושקע מיט שמעק-טאַבאַקע, וואָלט איך ניט באַדאַרפט אַזוי שטאַרק ניסן. איך נים אַזוי לאַנג, ביז איך כאַפּ מיך אַרויס אין דרויסן. טאָמער וועל איך אויפהערן ניסן. ווער-וואָס? עס קומט אָן די מאַמע און דערזעט, אַז איך נים. פרעגט זי מיך: וואָס איז? איך קאָן איר ענטפערן נאָר טשכי! און טשכי! און ווידער אַ מאָל טשכי!

— ווינד איז מיר, וואו האָסטו געכאַפּט אַזאַ קאַטאַר? — זאָגט צו מיר די מאַמע און ברעכט די הענט. איך הער ניט אויף צו ניסן און ווייז איר מיט דער האַנט אַהין, אין שטוב אַריין. זי גייט אַריין און לויפט אַרויס צוריק נאָך מיט אַן ערגערער ניסעריי, ווי איך. קומט אָן מיין ברודער עליע און דערזעט אונדז ביידע ניסן. פרעגט ער: וואָס איז דאָס? ווייזט אים די מאַמע מיט דער האַנט אַהין, אין שטוב אַריין. ער כאַפּט זיך אַריין און לויפט אַרויס צוריק מיט אַ גוואַלד:

— ווער האָט דאָס צע — טשכי! טשכי! טשכי!...

איך האָב שוין לאַנג ניט געזען מיין ברודער עליע אין קאַעס, אַזוי ווי אַצינד. ער לאָזט זיך מיט ביידע הענט גלייך אויף מיר. אַ גליק, וואָס ער ניסט, אַניט — וואָלט איך פון זיינע הענט אַרויס אַ

קאַליקע. מיין שוועגערין בראַכע קומט אַן, טרעפט זי אונדז אַלע דריי האַלטן זיך מיט די הענט ביי די זייטן און ניסן.

— וואָס איז מיט אייך? וואָס האָט איר זיך פּלוצים צעניסט?

וואָס זאָלן מיר איר זאָגן? מיר קאָנען דען אויסרעדן אַ וואָרט? ווייזן מיר איר מיט דער האַנט אַהין, אין שטוב אַריין. כאַפּט זי זיך אַריין, און לויפט באַלד אַרויס צוריק רויט, ווי העליש פייער, און פאַלט אָן אויף מיין ברודער עליע:

— וואָס האָב איך דיר גע — טשכי! טשכי! טשכי!...

קומט אָן אונדזער שכיינע, פּעסי די גראָבע. זי רעדט צו אונדז. נאָר קיינער קאָן איר ניט ענטפערן קיין וואָרט. מיר ווייזן איר מיט דער האַנט אַהין, אין שטוב אַריין. זי גייט אַריין און לויפט אַרויס צוריק:

— וואָס האָט איר אַזעלכעס גע — טשכי! טשכי! טשכי!...

אונדזער שכיינע מאַכט מיטביידע הענט. עס קומט אַרויס איר מאַן, דער איינבינדער. דער איינבינדער קוקט אויף אונדז און לאַכט.

— וואָס איז דאָס אויף אייך אָנגעפאַלן פּלוצים פּאַר אַ ניסעריי?

— זייט זיך מאַטריעך אַהי — טשכי! טשכי! טשכי! — זאָגן מיר צו אים און ווייזן אים אַלע אַהין, אין שטוב אַריין. דער איינ־בינדער גייט אַריין צו אונדז אין שטוב אַריין, און שפּרינגט אַרויס צוריק מיט אַ געלעכטער:

— איך ווייס שוין וואָס דאָס איז! איך האָב אַ שמעק געטאָן!

— טשכי! טשכי! טשכי!...

און ער כאַפּט זיך מיט ביידע הענט ביי די זייטן און ניסט געשמאַק. נאָך יעדן ניס טוט ער אַ שפּרונג־אונטער, בלייבט שטיין אויף די שפּיץ פינגער און טוט אַ ניס, און ווידער אַ שפּרונג־אונטער, און ווידער אַ ניס, און אַזוי ווייטער. אין איין האַלבער שעה ניסן שוין אַלע אונדזערע שכיינים און שכיינעס מיט זייערע פעטערס און מומעס און גליד־שוועסטער־קינדער און זייערע באַקאַנטע — די גאַנצע גאַס, פון איין עק ביזן אַנדערן, האַלט אין איין ניסן!

וואָס האָט זיך מיין ברודער עליע אַזוי דערשראָקן? אַפּאַנעם, ער האָט מוירע, מע זאָל ניט אויסלאָזן דעם קאַעס צו אים פּאַרן ניסן, וואָס מע ניסט? ער נעמט מיך פּאַר אַ האַנט, און ניסנדיק לאָזן מיר זיך ביידע גיין באַרג־אַראָפּ, צו זיין כאַוועד פּיני. עס נעמט גוטע

אַנדערהאַלבן שאָ, ביז מיר זיינען אימשטאַנד צו רעדן אַזוי ווי מענטשן. מיין ברודער עליע דערציילט זיין כאַווער פיניו די גאַנצע מייסע. זיין כאַווער פיני הערט אים אויס מיט קאָפּ, אַזוי ווי אַ דאָקטער הערט־אויס אַ כוילע. אַז מיין ברודער עליע האָט געענדיקט, מאַכט צו אים זיין כאַווער פיני:

— אַנו, ווייז נאָר אַהער דאָס בוך.

מיין ברודער עליע נעמט אַרויס דאָס בוך פון בוזעם־קעשענע און גיט דאָס איבער צו זיין כאַווער פיני. זיין כאַווער פיני לייענט איבער דאָס אויבערשטע בלעטל: „פּאַר איין רובל — הונדערט רובל! ווי אַזוי פון גאָרניט, מיט די פינף פינגער, מאַכן הונדערט רובל אַ כוידעש און מער"... ער נעמט דאָס בוך און טוט דאָס אַ וואָרף אַריין אין אויוון אַריין גלייך אויפן פייער. מיין ברודער עליע טוט זיך אַ לאָז מיטביידע הענט צום פייער. זיין כאַווער פיני שטעלט אים אָפּ:

— פּאַוואָליע, נישט געכאַפּט!

נאָך אַ פּאָר מינוט — און פון מיין ברודער עליעס בוך, וואָס לערנט, ווי אַזוי צו מאַכן הונדערט רובל אַ כוידעש און מער, איז געבליבן ניט מער ווי אַ בערגל אויפגעבלאָזן אַש.

# מאַזל־טאָוו, מיר זיינען שוין אין אַמעריקע!

## • שאָלעם אַלייכעם

אונדז קומט מאַזל־טאָוו — מיר זיינען שוין אין אַמעריקע. דאָס הייסט, מע זאָגט, אַז מיר זיינען אין אַמעריקע. אַמעריקע האָבן מיר נאָך ניט געזען, וואָרים מיר זיינען נאָך דערווייל אין „קעסטל־גאַרטל". דאָס הייסט, אַמאָל האָט דאָס אַזוי געהייסן. היינט הייסט עס שוין מער ניט „קעסטל־גאַרטל", נאָר „עלים איילאַנד". פאַרוואָס עפּעס „עלים איילאַנד"? „ווייל דאָס שטיקל לאַנד האָט אַמאָל געהערט צו איינעם עליע, איז ער געוועזן אַ נאָר ביז דער סטעליע." אַזוי זאָגט אונדזער כאַווער פיני צום גראַם, ווי זיין שטייגער איז. פיני איז זייער אין קאַעס אויפן עלים איילאַנד. לעמאַי מע פאַרהאַלט די אָרעמע עמיגראַנטן און די רייכע לאָזט מען אַריין גלייך, ווי זיי קומען אָן מיט דער שיף. ער קלייבט זיך אָנשרייבן אויף זיי אַ ליד און אַוועק־

געבן זיי אַ גאַב, אַז דער שוואַרצער יאָר זאָל זיי נעמען! האָט ער ניט קיין טינט און פעדער און קיין ברעקל פּאַפּיר. זאָגט אים מיין ברודער עליע, אַז אויב עס געפעלט אים ניט דאָס לאַנד, האָט ער אַ ברייטע פאָרן צוריק.

וואָס טוען מיר אין עלים איילאַנד? מיר וואַרטן ביז מע וועט קומען פון שטאָט, באַקאַנטע און פריינט, און מע וועט אונדז אויס־שרייבן. כאָטש שרייבן האָט מען אונדז אויסגעשריבן שוין וויפיל מאָל. מע האָט אונדז געשריבן, פאַרשריבן און אויסגעשריבן פאָרן אַרויפגיין אויף דער שיף, אויף דער שיף, און איצט, ביים אַראָפּגיין פון שיף. און אַלע מאָל די אייגענע כאַכמע: ווער זיינען מיר? וואוהין פאָרן מיר? און ווען האָבן מיר האָבן אין אַמעריקע?

דערציילן מיר זיי, אַז ס'איז געווען אַ ייד פּייסי דער כאַזן — איז ער געשטאָרבן. האָט ער איבערגעלאָזט אַן אַלמאַנע — דאָס איז די מאַמע. האָט זי אַ זון — הייסט ער עליע. האָט ער אַ ווייב — הייסט זי בראָכע. האָט ער אַ כאַווער — הייסט ער פּיני. האָט ער אַ ווייב — הייסט זי טייבל. און איך בין דער מיזיניק — הייס איך מאָטל. און דאָס איז מיין כאַווער — הייסט ער מענדל. און וויל ער איז אַ גרויסער — האָט אים בראָכע אַ נאָמען געגעבן לאָשעק.

ווען האָבן מיר אין אַמעריקע? גאַנץ אַמעריקע איז אונדז באַקאַנט און אַלע יידן זיינען אונדזערע פריינט. ערשטנס, מוישע דער איינבינדער און זיין ווייב פּעסי די גראָבע — אונדזערע אַ שכיינע, מיט אַ גאַנצער כאַליאַסטרע קינדער. האָט זיך יעדער זיין נאָמען מיט זיין צונעמעניש. און מיר רעכענען זיי אוים אויף די פינגער: פּיני קלעצל, וועלוול קאָטער, מענדל טשערנאָהוז, כייעם בופלאָקס, פּייטל פּעטעלעלע און הערשל מיט דער גוליע אויפן שטערן, וואָס מע רופט אים „וואַשטי"...

שלאָגט מען אונדז איבער אין מיטן און מע זאָגט אונדז: „גענוג, גענוג קליינוואַרג. עלטערע! גיט אַהער עלטערע!" גיבן מיר זיי עלטערע און רעכענען זיי אוים די נעמען: יוינע דער בעקער, אַ ייד אַ קאַסן. איז ניט איינס. זיין ווייב ריוועלע די בעקערין, אַ יידענע מיט אַ רעטאָנדע. איז ניט צוויי. דאָס הייסט, זי האָט געהאַט אַ רעטאָנדע, האָט מען זי אָוועקגעגאַנוועט אויף דער גרענעץ. דערהערט דאָס וואָרט „גרענעץ", דערמאָנט זיך די מאַמע אָן אונדזערע זאַכן,

וואָס מע האָט אויך אַוועקגעגאַנוועט אויף דער גרענעץ. הויבט זי אָן בעטן, טאָמער איז מעגלעך, מע זאָל איר קריגן די זאַכן — און הויבט אָן צו וויינען. פאַלט אָן אויף איר עליע, לעמאַי זי וויינט. זאָגט זי, אַז איצט איז זי שוין אין אַמעריקע און האָט שוין קיין מוירע ניט פאַר די אויגן, מעג זי שוין, זאָגט זי, וויינען און וויינען.

ווי אַזוי מען האָט זי דורכגעלאָזט מיט די אויגן — איז טאַקע גאָר אַ וואונדער. לעמאַי ווי אַזוי זיינען מיר לעבן געבליבן פון דער רייזע אויפן יאַם? איז עס דען ניט געווען קיין וואונדער? וויפיל מאָל האָבן מיר געזען מיט אונדזערע אויגן דעם מאַלעך-האַמאָוועס, דעם טויט פאַר די אויגן? וויפיל מאָל האָבן מיר זיך שוין געהאַט אָפּגעזעגנט מיטן לעבן?

אַז מיר זיינען אַרויף אויף דער שיף „פּרינץ אַלבערט", איז דאַפקע געווען גוט און פיין. איך און מיין כאַווער מענדל האָבן זיך געלאָזט אויסמעסטן דעם „פּרינץ אַלבערט" אין דער לענג און אין דער ברייט. קיינעם איז ניט געווען אַזוי גוט, ווי אונדז. מיר האָבן קיינמאָל ניט געהאַט אַזאַ קוואַרטיר, ווי איצט. אַ וואַסער-שטוב. אַ דריי-גאָרנדיקע שטוב אויפן וואַסער. שטעלט אייך פאָר — איר זיצט, דאַכט זיך, אין שטוב, אָדער איר שפּאַצירט אַרום, די הענט אין די קעשענעס, און — איר פאָרט! איר עסט און — איר פאָרט! איר טרינקט און — איר פאָרט! היינט די מענטשן, וואָס איר זעט זיך אָן. אַ וועלט מיט מענטשן. אַ גאַנצע שטאָט פאָרט מיט אייך.

„פּרינץ אַלבערט" איז געווען גרויס. און שיין. שטיינערנע טרעפּ. מעשענע פּאַרענטשעס. שטאָל און אייזן וואו מע טוט זיך אַ ריר. היינט „מענטשן". איך מיין די באַדינער. מע רופט זיי „סטיואַרדס". און „נוירסעס". היינט מאַטראָסן — אַזוי ווי די רוכעס. לויפן אַרום הין און הער. איך און מענדל זיינען זיי מעקאַנע. מיר גיבן זיך דאָס וואָרט, אַז מיר וועלן אויסוואַקסן, ווערן גרויסע, זאָלן מיר זיך פאַר־שרייבן פאַר מאַטראָסן.

איין כעסאָרן האָט דער „פּרינץ אַלבערט". מע לאָזט אונדז ניט אומעטום זיין. קוים ווילן מיר געבן אַ קוק-אַריין אַ ביסל וויטער פון צווישנדעק, וואו מיר פאָרן, אַזוי טרייבט מען אונדז דורך. טאַקע די מאַטראָסן גופע. שלעכטע מענטשן. און די פּאַסאַזשירן אַליין, פון יענע העכערע קלאַסן, זיינען רעשאָאים. וואָרים זיי זאָלן ניט זיין קיין



רעשאָאים, וואָלטן זיי פאַרזאָגט די מאַטראָסן, מע זאָל אונדז ניט טרייבן. וואָס וועלן מיר זיי טאָן? מיר וועלן זיי אָפּבייסן? מיין כאַוועד מענדל איז גלאַט ניט צופרידן. ער פאַרשטייט ניט, צו וואָס דאַרף מען קלאַסן? ער זאָגט, אַז אין אַמעריקע איז ניטאָ קיין קלאַסן. טאָמער גלויב איך אים ניט, קאָן איך אַ פרעג טאָן ביי מיין ברודער עליע. האָט אָבער מיין ברודער עליע פיינט, אַז מע פרעגט ביי אים פוסטע זאַכן. איך וועל שוין בעסער פרעגן ביי אונדזער כאַוועד פיני.

אונדזער כאַוועד פיני האָט דאַפקע ליב צו רעדן פון אַזעלכע זאַכן.

ער קאָן אייך אָפּשיטן מיט רייד. און האָט איר אים נאָר פאַרטשעפּעט מיט אַ וואָרט, איז ווי אַן אָנגעדרייטער וועק-זייגער. ער וועט ניט אַנטשוויגן ווערן, ביז דאָס רעדל וועט זיך אַליין ניט אָפּשטעלן.

איך האָב געפּאַקט פּינין בעאיים ער איז געזעסן אויפן דעק. ער האָט אַריינגעטאָן זיין שפּיץ נאָז אין בוך. מאַכמעס ער איז אַ קורצ-זיכטיקער, לייענט ער ניט מיט די אויגן, נאָר מיט דער שפּיץ נאָז. איך בין צוגעגאַנגען צו אים נאָענט.

—רעב פּיני, איך דאַרף אייך עפּעס פרעגן.

פּיני האָט צוגענומען די נאָז פון בוך.

— וואָס׳טו זאָגן, קליינינטשקער? — אַזוי רופט מיך פּיני בעאיים ער איז אויפגעלייגט. און אויפגעלייגט איז ער קימאַט אַלע מאָל. אַפילע דעמאָלט, ווען ער קריגט זיך מיט מיין ברודער עליע. און אַפילע דעמאָלט ווען זיין טייבל בלאָזט זיך. דערציייל איך אים אַזוי און אַזוי. צי ס׳איז עמעס, וואָס מע זאָגט, אַז אין אַמעריקע איז ניטאָ קיין קלאַסן?

האָט איר באַדאַרפט אָנקוקן, ווי אָט דער פּיני האָט זיך אָנגעצונדן און צעפלאַקערט זיך און גענומען רעדן און קייען און שפּייען און שיטן מיט פייערדיקע הויכע ווערטער: אַז אַמעריקע איז דאָס איינציקע לאַנד, זאָגט ער, פון עמעסער פרייהייט און פון עמעסער גלייכהייט. אין אַמעריקע, זאָגט ער, קאָנסטו זיצן אָט-אָ-דאָ-אָ, און לעבן דיר זאָל זיצן דער „פּרעזידענט“, און וויי טער אַ ביסל זאָל זיצן אַ בעטלער, אַ שלעפּער, אַ ניקס שעבעניקס...

מישט זיך אַריין אַ ייד אַן עמיגראַנט, אַ ווילד-פרעמדער:

— אַז ס׳איז יאָ אַזאַ גליקלעכע מעדינע, ווי איר זאָגט, וואו אַלע זיינען גלייך, פון וואַנען זשע נעמען זיך דאָרטן שלעפּערס און גראַפּן און בעטלערס און מיליאָנערן? מימאָ-נאַפשעך...

קומט אויס, אַז מענדל איז גערעכט. ער זאָגט, אַז קלאַסן דאַרף מען פיינט האָבן. דאָס הייסט, אַז די פּאַסאַזשירן פון די העכערע קלאַסן דאַרף מען פיינט האָבן. פאַרשטיי איך ניט, פאַר וואָס? וואָס האָב איך צו זיי? זאָגט מענדל: וואָס האָבן זיי זיך פאַרשלאָסן ביי זיך אין צווייטן און אין ערשטן קלאַס צווישן די שפּיגלען? וואָס שטייט זיי אַזוי ניט אָן, די גרויסע פּריצים, צו זיצן מיט אונדז אָט-דאָ צווישן דעק? מיר זיינען דען קיין מענטשן ניט גלייך מיט זיי?...

# אַ יאָם פון טרערן

## • שאָלעם אַלייכעם

טאָמער איז קאַרג געווען די טרערן, וואָס מיין מאַמע האָט פאַר־גאָסן ביז צו היינטיקן טאָג, באַדאַרף זי איצטער וויינען און טרערן גיסן אויף די אומגליקן, וואָס מיר זעען זיך אָן אָט־אַ־דאָ אויף עלים איילאַנד. אַלע מינוט שיקט איר גאָט צו אַ נייע צאָרע. די מאַמע נעמט זיך יעדע זאַך צום האַרצן. זי ברעכט די הענט. זי באַהאַלט דאָס פּאָנעם און וויינט זיך אוים שטילערהייט.

איבערדערציילן אייך אַלע אומגליקן, וואָס מיר האָבן זיך אָנגעזען אויף עלים איילאַנד, באַדאַרף איך אַוועקזיצן מיט אייך אַ טאָג מיט אַ נאַכט און דערציילן, דערציילן און דערציילן.

אַ שטייגער, וואָס וועט איר זאָגן אויף אַזאַ מייסע? טאַטע־מאַמע און פיר קינדער זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן, ניט אַהער, ניט אַהין. וואָס איז די מייסע? ביים פאַרהער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זייערס אַ קינד, אַ מיידל פון אַ יאָר צוועלף, קאָן ניט ציילן אויף צוריק. מע פרעגט זי: „וויפיל ביסטו אַלט?" זאָגט זי: „צוועלף יאָר." פרעגט מען זי ווידער: „וויפיל ביסטו אַלט געווען פאַר אַ יאָרן אין דער צייט?" ווייסט זי ניט. זאָגט מען איר: „צייל פון איינס ביז צוועלף." ציילט זי. זאָגט מען איר: „צייל פון צוועלף צוריק ביז איינס." קאָן זי ניט. ווען מע פרעגט ביי מיר אַזאַ זאַך: צייל — צייל איך דאָך ווי אַ וואַסער: צוועלף, עלף, צען, ניין, אַכט, זיבן, זעקס, פינף, פיר, דריי, צוויי, איינס. אַ טייערע מעציע! איז געבליבן, אַז מע קאָן דאָס מיידל קיין אַמעריקע ניט אַריינלאָזן.

צי אַ שטייגער, ווי געפעלט אייך אַזאַ געשיכטע? אַ יונג ווייבל, בלוט און מילך, פאָרט קיין באָסטאָן צו איר מאַן. האָט זי אַ קינד, אַ מיידעלע מיט געגרייזלטע הערעלעך, אַ בילד. הייסט עס קעצעלע. דער עמעסער נאָמען אירער איז קיילע, נאָך איר באָבע. נאָר מע האָט זי פאַרצויגן „קעצעלע". קעצעלע איז נאָך דריי יאָר ניט אַלט. נאָר עס לויפט אַרום און רעדט און זינגט און טאַנצט. „פּרינץ אַלבערט" איז פול מיט דעם קינד. קעצעלען האָבן אַלע ליב. מע האַלדזט דאָס און מע קושט דאָס און מע נעמט דאָס איבער פון האַנט צו האַנט. קעצעלע! קעצעלע! מיט אונדז איז דאָס דאָזיקע ווייבל געוואָרן גאָר ווי אייגענע. זי איז ניט אָפּגעטראָטן פון דער מאַמען אויף אַ

מינוט. זי האָט איר אויסדערציילט אין גאַנצן איר האַרץ. איבער־געלייענט אונדז אַלע בריוולעך, וואָס איר מאַן שרייבט צו איר. העכער דריי יאָר אַז זיי האָבן זיך ניט געזען. ער קען אַפילו ניט דאָס קינד. ער האָט דאָס נאָך קיין מאָל ניט געזען. ער כאָלעמט פון דעם טאָג ווי נאַכט. ער קאָן זיך גאָר ניט פאָרשטעלן, ווי אַזוי ער וועט מיט אַ מאָל דערזען זיין קינד, זיין קעצעלע. דערביי גיסט זי שוין מיט טרערן, און מיין מאַמע ווישט די אויגן. לאָך איך פון זיי ביידן — וואָס דאַרף מען וויינען? און איך נעם קעצעלען אויף די הענט און איך האָדעווע זי מיט שטיקלעך עפל און מיט אָראַנדזשעס, מאַראַנצן הייסט עס, גלייך אין מויל אַריין. קעצעלע קוקט מיר אין די אויגן, לאַכט צו מיר און גלעט מיך מיט איר קליין סאַמעטן הענטל. און איך קוש איר די קליינע וואַרעמע פינגערלעך. אַ שאָד, וואָס איך האָב ניט קיין קעסטעלע מיט פאַרב. איך וואָלט אויסגעמאָלט קעצעלען אויף פאַפיר מיט אירע געגרייזלטע זיידענע הערעלעך, מיט אירע בלויע שיינע אויגעלעך און מיטן פענעמל פון אַ מאַלעך.

איז זיך מעיאַשעוו קעצעלע שוין נאָענט צו אַמעריקע און ווערט קראַנק און . . . עס גייט מיר איבער אַ פראָסט איבערן לייב, אַז איך דערמאָן זיך אין יענער צייט. אַ שטיק פון מיין לעבן האָט אַוועק־גענומען ביי מיר אָט דאָס קינד. איך קאָן גאָר וועגן דעם ניט רעדן, ניט טראַכטן אַפילו. שלעפּט מיך ניט פאַר דער צונג, איך זאָל אייך זאָגן, וואָס מע האָט געטאָן מיט קעצעלען... איך וועל אייך נאָר דער־ציילן דעם ראַכמאָנעס פון דער יונגער מוטער, בעאיים מיר זיינען אָנגעקומען אויף עלים איילאַנד. זי האָט ניט געוויינט. אויף אַלעמען האָט זי געקוקט מיט גלעזערנע פאַרגליווערטע אויגן. וואָס מע האָט זי געפרעגט, האָט זי ניט געענטפערט. מע האָט מוירע, אַז דאָס ווייבל איז גערירט... מע וועט זי צוריקשיקן. מיין מאַמע לייגט איין די וועלט. מיין ברודער עליע איז אויסער זיך. ער קאָן שוין ניט אַריבערטראָגן דער מאַמעס טרערן. און פיני באַהאַלט זיך עפּעס. מע זעט אים ניט...

איר מיינט, אַז נאָר יידן האָבן צאָרעס אויף עלים איילאַנד? קריסטן ווערן אויך ניט ווינציק אויסגעריסן. עס פאָרט מיט אונדז אַ גאַנצע כאָפּטע איטאַליענער. אַלע אין סאַמעטענע הויזן און מיט הילצערנע שיך אויף די פיס. אַז זיי גייען, קלאַפּן זיי, ווי די פערד מיט די קאָפּיטעס. וואוילע כעוורע. אויסגעצייכנטע מענטשן. נאָך מיר

זיינען זיי גאָר די קאַפּאָרע. זיי רופן מיך מיט אַ מאָדנעם נאָמען: „פּיקאָלאָ באַמבינאָ". זיי זיינען מיך מעכאַבעד מיט ניסלעך און מיט ראָזשינקעס פון די סאַמעטענע הויזן-קעשענעס. און איך האָב דאָס דאַפקע ניט פיינט. רעדן קאָן איך ניט מיט זיי. ווייל זיי פאַרשטייען ניט מיין לאָשן, איך פאַרשטיי ניט זייער לאָשן. נאָר מיר געפעלט, ווי זיי רעדן צווישן זיך. האַרט קומט אויס ביי זיי די רייש: „באָנאָ סעררא!" „מיאָ קאַררראָ!" „פּררעגאָ סיניאָררררע!"...

דאַרף זיך טרעפן אַן אומגליק. סאַמע צום רעכטן שפּיץ, אַז כ'איז געקומען צום פאַרהער, האָט זיך איינער פון דער כאַפּטע אַרויס-געכאַפּט מיט אַ וואָרט. ער האָט דערציילט דעם עמעס, אַז זיי האָט אַרויסגערופן אַ פירמע אויף דער אַרבעט פון לאָנדאָן דורך אַ קאָנ-טראַקט ביי עפּעס אַ בריק. און דאָס, זאָגט מען, טאָר מען ניט אין אַמעריקע. ווייל מען זיי אָפּשיקן צוריק. רעדן זיי אַלע אינאיינעם, מאַכן מיט די הענט און קוועטשן די רייש: „סאַקררראַמענטאָ!"... העלפט אָבער נישט קיין זאַך. דער ראַכמאָנעס אויף זיי איז זייער גרויס. ביי עטלעכע פון זיי האָב איך געזען טרערן אויף די אויגן.

אַ ביסל אייגענע צאָרעס, אַ ביסל פרעמדע יעסורים פאַרשטערן אונדז די סימכע, וואָס מיר זיינען אין אַמעריקע. מיר האָבן זיך אַזוי-פיל אָנגעזען דאָ אויף דעם עליס איילאַנד און אָנגעהערט, אַז מיר זיינען מיד געוואָרן און האָבן זיך צונויפגעשלאָגן אונדזער גאַנצע מישפּאָכע קאָפּ אויף קאָפּ און געקוקט אַהין, אין דער גרויסער ראָשיקער שטאָט אַריין, וואָס ליגט נאָך ווייט פון אונדז. ווייסט איר, ווי אַזוי מיר האָבן אויסגעזען? מיר האָבן געכאַפּט דעם אָנבליק פון אַ סטאַדע שעפּעלעך, וואָס שטייען צונויפגעפּרעסט אין פעלד אין אַ הייסן זומער-טאָג, ניט ווייט פון די רעלסן פון אַ באַן, און קוקן פאַר-וואונדערט, ווי די וואַגאָנעס לויפן מיט אַ ראַש פאַרביי און ווערן פאַרשוואונדן. אַ שאַד, וואָס איך האָב ניט קיין בליישטיפט און קיין שטיקל פּאַפּיר אויף אָפּצומאָלן אונדזער צונויפגעפּרעסטע מישפּאָכע, און אויך די אַלע איבעריקע איינגעשפּאַרטע עמיגראַנטן אויף עליס איילאַנד, ווי זיי זיצן יעדער אויף זיין פּעקל. מע זיפצט און מע דער-ציילט זיך אויס איינס פאַר דאָס אַנדערע דאָס ביטערע האַרץ. אַנדערע שווייגן שטיל. און אַנדערע וויינען, באָדן זיך אין טרערן. אין אַ יאַם פון טרערן.

# דער שניידער

● ד. עדעלשטאַט

אַ שניידער זיצט אַן אַלטער
מיט ווייסע גרויע האָר;
זיין שער און נאָדל האַלט ער
שוין גאַנצע פופציק יאָר.

ער זיצט אין דרייען געבויגן,
ער אַרבעט טאָג און נאַכט;
מיט טרערן אין די אויגן
נייט ער, זיפצט און טראַכט...

אַוועק זיינען די יאָרן
אין אַרבעט און אין נויט,
די קויכעס כ׳האָב פאַרלאָרן,
און כ׳האָב קיין רו, קיין ברויט.

אָט גייט דער שניידער אָרעם,
צעבראָכן, שוואַך און בלאַס;
זיין אַרבעט אונטער אָרעם,
געזיכט — פון טרערן נאַס.

אָ, מענטשן, רייכע, זאַטע,
קוקט אייך צו נאָר גוט!
אויף אייערע קליידער גלאַטע
ליגט דעם שניידערס בלוט!



יעהויאָש

# די זעקס בלינדע און דער העלפאַנט

● יעהויאָש

זעקס לײַט פון װײַטן הינדו-לאַנד,
װאָס פלעגן זיך אויף אַלצדינג קליגן,
אַמאָל געכאַלעשט האָבן קריגן
אַ ריכטיק בילד פון העלפאַנט,
און זײַנען אים געגאַנגען זען,
כאָטש אַלע זײַנען בלינד געװען...

דער ערשטער האָט זיך אָנגעשלאָגן
אָן פעסטן רוקן פון דער בייע,
און באַלד האָט ער פאַר דער כעװרייע
זײַן מײנונג שטאָלץ אַרויסגעטראָגן: —
„דער איניען איז מיר איצט באַקאַנט,
אַ העלפאַנט איז װי אַ װאַנט...“

דער צװײטער האָט אַ טאַפּ געטאָן
דעם רונדן און פאָלירטן צאָן,
און פילנדיק דעם שמאָלן שפּיץ,
האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט היץ: —
„די זאַך, ראַבויסיי, איז געװיס,
אַ העלפאַנט איז װי אַ שפּיז...“

דער דריטער האָט געכאַפּט די מאָס
פון דער צונויפגעדרייטער נאָז,
און גאָרניט קלערנדיק אַ סאַך,
אַרויסגעזאָגט מיט קלאָרער שפּראַך: —
„ניטאָ זיך וואָס צו גריבלען לאַנג,
אַ העלפאַנט איז ווי אַ שלאַנג...“

דער פערטער פון די פילאָזאָפן,
האָט גראַדע אָנגעטראָפן
אַן אומגעלומפּערט גראָבע קני,
און האָט דערקלערט מיט ענערגיע:
„איר זייט, זייט מוחל, אַלע טעמפּ,
אַ העלפאַנט איז ווי אַ דעמב...“

דער פינפטער, וועלכער האָט דעם בוי
פון העלפאַנטס אויער אונטערזוכט,
און אויסגעפונען אַלץ גענוי,
געשריען האָט מיט קאָעס: „מיר דוכט
ס'קען זען דער בלינדסטער צווישן אייך,
אַז ער איז צו אַ פאָכער גלייך...“

דער זעקסטער האָט עקזאַמענירט
דעם קאָפּל-שמוינעדיקן עק,
און האָט געפּאַסקנט אויפן פלעק:
„אַ שאָד די צייט וואָס איר פאַרלירט,
מע זעט עס דאָך ביים ערשטן בליק —
אַ העלפאַנט איז ווי אַ שטריק...“

און ביי די הינדוסטאַנער לייט
געוואָרן איז אַ וואָרט-געפעכט...
און יעדער האָט זיך איינגעשפּאַרט,
אַז ער בלויז ווייס די ריכטיקייט,
כאָטש טיילווייז איטלעכער גערעכט,
און אַלע זעקס צוגלייך פאַרנאַרט...

# געלעכערטע הויזן

י. אָפּאַטאָשו ●

סעם גילדין, דער אייגנטימער פון אַ קליידער־שאַפּ, איז געזעסן אין אַ לעדערנעם פאָטעל, האָט אויסגעדרייכערט אַ האַלבן סיגאַרעט, אים פאַרלאָשן מיט צוויי פינגער און גלייך פאַררויכערט אַ נייעם. ער האָט עטלעכע ציי געטאָן פונעם סיגאַרעט, אַרויסגעלאָזט די קרייזלעך רויך מיט אַ סאָפּען און אַ זאָג געטאָן דורך די קוים צעעפנטע ליפּן:

— דו אויך? דו, וואָלף, סטרייקסט אויך? וואָס האָב איך דיר שלעכטס געטאָן?

ביים טיש, אַ צען טריט פון גילדינען, איז געזעסן זיין יינגערער ברודער וואָלף. איין פוס איז געווען איינגעשפּאַרט אָן עק שטול און דער צווייטער — פאַרטיק אַוועקצוגיין. אויפן וועג, גייענדיק צום רייכן ברודער, האָט וואָלף אָפּגעמאַכט אים צו זאָגן דעם גאַנצן עמעס. זיי זיינען טאַקע לייבלעכע ברידער. סעם האָט וואָלפן מיט זיין ווייב מיט די צוויי קינדער אַראָפּגעבראַכט פון פוילן, זיי געהאַלטן ביי זיך אַ וואָך צייט. דערנאָך האָט ער אים, וואָלפן, אַריינגענומען אין שאַפּ אַריין. אין שאַפּ איז וואָלף געוואָרן אוים ברודער, איז געזעסן ביי אַ ניי־מאַשין, ווי הונדערטער אַנדערע „הענט", האָט קוים אויסגעאַרבעט אויף כאַיונע. וואָס פאַר אַ ברידער זיינען זיי, ווען סעם טוט אים אַ טוייווע, אַז ער רעדט מיט אים אוים אין שאַפּ אַ וואָרט? און אַז ער, וואָלף, קומט צום רייכן ברודער אַמאָל אַ יאָנטעוו, טרינקט ביי אים אוים אַ גלעזל וויין, איז וואָס? און נישט נאָר דאָס האָט וואָלף זיך געקליבן אים זאָגן! דעם שאַפּ מיט די עטלעכע הונדערט ניי־מאַשינען, דאָס אייגענע הויז, די אויטאָמאָבילן — דאָס אַלץ האָט סעם צוגענומען ביי די אַרבעטער, נאָר אַ לייבלעכן פאָטער וואָלט ער אויך נישט פאַר־טיידיקט. ער וואָלט אים געזאָגט, דעם פאָטער: טאַטע, וואו איז יוישער? דאַרפן טאַקע עטלעכע הונדערט מענטשן פראַצעווען, קעדיי דו, טאַטע, זאָלסט וואוינען אין אַ פּאַלאַץ, זאָלסט פאָרן אין אויטאָ־מאָבילן?

אין הויז אָבער ביי סעמען האָבן זיך די אַלע טיינעס אַ רוק געטאָן פון וואָלפן. ער האָט זיך געדרייט אויפן עק שטול, געקוקט ווי דער

פאַרשנייטער קלערמאָנט־פּאַרק מיט די ווייסע ביימער קריכן אין די פענצטער. ער האָט געקוקט ווי סעם פאַרמאַכט ס׳לינקע אויג, כעזשבנט מיטן רעכטן, ווי זייער פאָטער האָט געהאַט אַ טעווע צו טאָן, און ס׳האָט אויך וואָלפן אַ בלאָז געטאָן מיט די יינגל־יאָרן, מיטן רייעך פון שטעטל, פון הויף, פון שטוב, פון פאָטערס טאַלעס־זאַק.

אַ גרויסע שטוב הינטער דער שטאָט. ווינטער האָט מען די שטוב נישט געקענט דערהייצן. פון די אָפענע פעלדער האָבן קאַלטע ווינטן זיך געריסן אין די טירן, אין די לאָדנס, גאַנצע נעכט געוויינט אין קוימען. וואָלף איז אַוועק אויף דער לער צו אַ שניידער. די ברידער האָבן זיך גענומען דערוווייטערן. אַנדערע וועגן, אַנדערע כאַוויירים, אַנדערע רייכעס. און אַז די רייכעס האָבן איצט אַ בלאָז געטאָן מיט דער היים, מיט די אַלע נעפּאַשעס, וואָס זיינען געבאָרן געוואָרן ערגעץ אין פעלד, אין אַ גרויסער, טוכלער שטוב, האָט ער, וואָלף, פאַר קיין פאַל נישט געקענט דאָס אַלץ צונויפמישן מיט סעמען, וואָס האָט געוואוינט אין אַ פּאַלאַץ. הונדערטער מענטשן דערעסן נישט, דער־שלאָפן נישט, אַבי סעם זאָל פאָרן אין אויטאָמאָבילן, זאָל ווינטער קאָנען אַוועקשיקן די מישפּאָכע קיין פלאָרידע.

— וואָס זיצסטו ווי אַ נעכטיקער? — האָט סעם זיך אַ רוק געטאָן מיטן פאָטעל צום ברודער — כ׳רעד דאָך צו דיר!

— כ׳הער.

וואָלף איז געוואָרן דרייסטער. ער האָט זיך טיפער אַריינגעזעצט אין שטול און איז געוועזן גרייט אויסצוהערן נישט דעם ברודער זיינעם, נאָר דעם „באָס“, גילדינען.

— אַז די אַרבעטער ווילן כ׳זאָל זיך טיילן מיט זיי, פאַרשטייי איך — האָט סעם אַרויפגעלייגט זיין וואַרעמע האַנט אויף וואָלפס קני — אָבער דו, וואָלף, דיר האָב איך דאָך קיין שלעכטס נישט געטאָן?... געשיקט דיר דריי שיפסקאַרטן, דיך אַריינגעזעצט אין פיר צימערן, ווען אין מלאַווע האָסטו געוואוינט אין אַן אַלקערל... און פאַר די פינף יאָר ביסטו נאָך קיין טאָג נישט געגאַנגען ליידיק... אַז ס׳איז נישטאָ קיין אַרבעט, מען לייגט אָפּ „הענט“ — דו אָבער אַרבעטסט!

— נישט ווייל כ׳בין דיינס אַ ברודער, סעם.

— האָסט דען אַנדערע מייסים־טויווים?

— אַרבעטן דאָך ביי דיר מעלצער און טעווקין, ווילד-פּרעמדע, אויך אַ גאַנץ יאָר?

— זיי מאַכן דאָך „סעמפּלס"!

— און וואָס טו איך? דו מיינסט אַוואַדע, אַז כ'בין ביי דיר אַ קעסט-קינד? וואָס פאַר אַ קאַרעוו בין איך דיר אין שאָפּ? און אַז ס'גייען דורך וואָכן און מיר זעען זיך נישט, ס'גייען דורך כאַדאָשים און מיר רעדן קיין וואָרט נישט אויס. האַלטסטו מיך, ווייל כ'בין אַ גוטער באַלמעלאָכע!

— און אַז יאָ?

— טאָ לאָמיר בעסער נישט רעדן וועגן יווישער! — האָט וואָלף זיך אַ שטעל געטאָן.

— איז וואָס, וואָלף, קומסטו מאָרגן אין שאָפּ אַריין?

— ניין!

— האָסטו טאַקע מוירע פאַר די יוניאָן-„שטאַרקע"? — האָט סעם זיך אויך אויפגעשטעלט — אויב די יוניאָן האָט „שטאַרקע", האָב איך „גענגסטערס", וואָס קאָנען פאַרשטעקן די „שטאַרקע" אין אַ זייטיקער קעשענע, און מוירע האָבן דאַרפסטו נישט.

— ווער האָט מוירע? — האָט וואָלף אַ הויב געטאָן מיט אַן אַקסל, ווי ער וואָלט עפּעס פון זיך אָפּגעטרייסלט — כ'האָב נישט מוירע!

— פאַרוואָס דען ביסטו אויך קעגן מיר? — האָט סעם פּרובירט אַריינגעמען וואָלפן — קעגן אַ לייבלעכן ברודער? גלויבסט אויך, אַז איך בין דיר אַ סוינע?

— צי כ'גלויב, צי כ'גלויב נישט — האָט וואָלף צענומען די הענט — נאָר אויב יאָ רעדן יווישער, איז דאָס אַלץ, דיין גאַנץ אַשירעס, נישט דיינס!

— וועמעס דען איז עס? דיינס? — איז שווער געווען צו כאַפּן, צי סעם שפּאַסט, צי ער איז ערנסט. — דו האָסט אויך צוגעלייגט דער באָבעס יערושע צו מיר? וואָס הייסט ס'איז נישט מיינס? ווער איז נישט געשלאָפן קיין נעכט? דו, צי איך? וועמען האָט געדרייט דער מויעך, ווען כ'האָב געדאַרפט צאָלן אַ וועקסל און אין קאַסע איז קיין סענט נישט געווען? אַלץ איך! טאָ וואָס איז שייעך זאָגן — נישט מיינס?... זאָג, זאָג, וואָלף... צי ווייטער דעם פּיזמען — ס'הויז, דער

שאַפּ, אַלץ איז גנייווע, אַלץ איז גזיילע! דאָס האָב איך, סעם, דער גאַזלען, אַוועקגערויבט ביי דיר, ביי טעווקינען, ביי יעדן לויזיקן שלעפּער! האָסט עפּשער כיישעק, וואָלף, כ'זאָל זיך טיילן מיט דיר? זאָג. שוטעף מיינער! איז קוידעם-קאָל גיב מיר צוריק דעם כויוו! אויב מיר זיינען יאָ סאָנים, דאַרף איך דיר נישט שיקן קיין שיפסקאַרטן!

— האָסט שוין נישט איין מאָל אָפּגענומען פאַר די שיפסקאַרטן!

— האָט וואָלף, צי פון קאַס, צי פון היץ אין צימער, צעקנעפּלט אויף זיך די וועסט.

— איך?

— יאָ, יאָ — האָט וואָלף גענומען טייטלען אויף די שטיקער מעבל, אויפן טעפּיך — מיט פּראָצענט האָסטו אָפּגענומען! ס'הויז, ס'מעבל... דעם ביסן, וואָס דו שלינגסט אַראָפּ... אומעטום ליגט אונדזער שוויס, אונדזער בלוט!

— אַוואַדע האָב איך באַגאַזלט! כ'האָב ביי דיר צוגענומען די געלעכערטע הויזן, וואָס דו האָסט געבראַכט פון מלאָווע?

— זע נאָר, ווי דאָס נעמט זיך איבער מיט די גאַנצע הויזן! — האָט וואָלף גענומען גיין אויפן ברודער מיט אַזאַ רוגזע, אַז סעם האָט אָנגעהויבן זיך רוקן אויף צוריק. — וועסט דיר שוין באַלד אויך איינרעדן, אַז ביסט געבוירן געוואָרן אין אַ פּאָר הויזן? פאַרזיכער איך דיר, אַז מען וועט דיר די הויזן אַפילו אין קייווער אַריין נישט מיטגעבן!

— האָסט שוין דיינס אָנגעשריען, אָפּגעשאָלטן — האָט סעם צוגעפירט דעם ברודער צו דער טיר און זי ברייט אָן עפן געטאָן — ווי לאַנג מיין נאָמען איז סעם, וועסטו ביי מיר נישט אַרבעטן מער!

— ביסט נישט דער איינציקער הונט, סעם!

— אַרויס! — האָט סעם אַ הויב געטאָן אַ האַנט און מיט אַ קלאַפּ פאַרהאַקט הינטער וואָלפן די טיר — אַ ברודער? אַ הונט, נישט קיין ברודער!

וואָלף איז געגאַנגען מיט קלערמאַנט-פּאַרק. דער מאַנטל, דער ראָק, ס'וועסטל — אַלץ צעקנעפּלט. ער האָט זיך נישט אומגעקוקט, צוגעברומט זיך אַ ניגן און איז געוואָרן אויפגעהייטערט מיטן גאַנג, מיט די פּאַרק-לאָמפּן, וואָס האָבן זיך דאָ, דאָרט גענומען צינדן.

# אַוורעמל דער קלעזמער

## ● שנייער וואַסערמאַן

1.

ס'איז אַ ווייסע ווינטער־נאַכט,
טיר און פענצטער צוגעמאַכט,
וואַרעם אויסגעהייצט די הרובע,
ביי דעם אויוון זיצט די באָבע.

שלאָפן איז נאָך פרי צו גיין,
זיץ איך און איך הער זיך איין,
ווי די באָבע רעדט, דערציילט,
ציט די ווערטער ניט געאיילט:

2.

ס'איז געווען אַ שטעטעלע,
אַ פּיצעלע, אַ שרעטעלע.
געסעלעך קרומע,
הייזעלעך לאָמע.

פּיצעלעך פענצטער, דעכלעך פון שטרוי.
עס לעבן אין פרידן דער ייד און דער גוי;
ווער פון מעלאָכע, ווער פון אַ קרעמל
און צווישן זיי אַלע — דער קלעזמער אַוורעמל.

אַ קלעזמער, ווי אַלע, אַ פּאָשעטער יידל.
אָבער אַ פידל, שוין איין מאָל אַ פידל
איז ביי אַוורעמל דעם קלעזמער געווען!
ווער ס'האָט אַוורעמלען שפּילן געזען,

פלעגט זיך גאָר זאַט אָנקוקן ניט קענען:
ס'פלעגן די אויגן ביי אים זיך צעברענען,
ס'פלעגן די סטרונעס ביים האַרצן אַזש גלעטן,
מען פלעגט אים אויף פריצישע כאַסענעס בעטן...

דאָס שטעטעלע אָבער איז ניט צופרידן.
ס'מורמלען אין שטעטל עלטערע יידן:
„ניט אַנדערש, אַ קישעף שטעקט אין דערינען."
און פלעגט מען זיין שטיבל פאַרבייגיין באַגינען,

פלעגט מען די אייגענע אויערן ניט גלויבן:
מען הערט אינעם פידל דאָס וואָרקען פון טויבן,
דאָס זיסע געזאַנג פון פייגל באַגינען —
„ניט אַנדערש, אַ קישעף שטעקט אין דערינען.“

3.

און איין מאָל געווען איז אַ זומער, אַ הייסער;
געגאַנגען זיך שלאָגן איז דעמאָלט דער קייסער.
צי מיטן טערק? צי מיט קיטיי? —
נאָר ווען מען שלאָגט, אַז אָך און אַז וויי...

שלאָגט זיך דער קייסער — אַ דייגע מיט ווען —
הויבט מען אין שטעטל אָן זעלנער צו נעמען.
נעמט מען אַווערעמלען אַוועק אויף מילכאָמע,
ס'בלייבן אין שטעטל נאָר אַלטע און לאָמע.

זיפצט מען אין שטעטל, מען וויינט און מען קלאָגט —
אַווערעמל האָט אָבער אַ פידל פאַרמאָגט,
נעמט ער די פידל אין זעקל אַריין,
צעלאַכט זיך דאָס שטעטל אין מיטן געוויין:

„וואָס וועט אַווערעמל טאָן מיטן פידל?
שפּילן אויף טערקיש די טערקן אַ לידל?“
לאַכט מען אין שטעטל, אַז וויי צו דעם לאַכן,
ס'ליגן אין קאָפּ נאָך אַזעלכע זאַכן...

4.

אַוועק איז אַווערעמל — פאַרפאַלן געוואָרן.
קיין באַן ניט געווען אַמאָליקע יאָרן,
פלעגן די זעלנער נאָך גיין צו פוס,
באַלאָדן, באַהאַנגען מיט ביקס און מיט שפּייז.

פערד אָנגעזאָטלט שטייען שוין גרייט,
ס'ציט שוין דער עלטסטער די שווערד פון דער שייד.
וואַרט מען נאָך בלויז אויפן לעצטן באַפעל.
שוידערט דאָס לייב אין גרויען שינעל.

געזעגנט זיך יעדער אין האַרץ מיט זיין היים,
זיין ווייב און זיין קינד, דאָס שטיבל פון ליים.

די אייגענע היים איז ליב יעדן איינעם.
אַוורעמל דער קלעזמער האָט אָבער קיינעם.

ער האָט ניט קיין קינד, ער האָט ניט קיין ווייב,
ער האָט נאָר אַ זעלנעריש העמד אויפן לייב,
אַ פידל, אַ סמיטשיק און גאָרנישט ניט מיין —
פילט ער אין האַרץ דריקט, ווי אַ שטיין.

עס נאָגט אים אין האַרצן, ער האַלט עס ניט אויס,
נעמט ער די פידל פון זעקל אַרויס,
אַ צי מיטן סמיטשיק אַהער און אַהין,
צעוויינט זיך די פידל דין, אַזוי דין.

ניט ווי קיין פידל. נאָר קינדער-געוויין.
אַזוי קאָנען וויינען נאָר קינדער אַליין.
לאָזט דאָס געוויין אַלץ ווייטער זיך הערן —
הויבט אָן דער הימל אויך גיסן מיט טרערן.

פילט זיך מיט טרערן דער שוצגראָבן אָן,
פאַלט פון דער האַנט ביים זעלנער די פאָן.
שמעלצן אין ביקס זיך די בלייענע קוילן,
יאָמערט דער ווינט אין סטעפּ, אינעם הוילן.

.5

ליגן די זעלנער און הערן זיך איין:
ווי קומט דאָ אַהער אַ קינדער-געוויין?
אַ יאָמער געוויין, ווי פון אייגענעם קינד?
ברענגט פון דער היים אַ גרוס זיי דער ווינט?...

און ווי נאָר זיי האָבן דערהערט דאָס געוויין,
צעברעכט יעדער זעלנער זיין שפּיז אָן אַ שטיין.
לאָזט ער דעם פּולווער אַוועק מיטן ווינט
און לאָזט זיך אַהיים צו ווייב און צו קינד.

.6

און זעלנער מיט זעלנער, סוינע מיט פיינט,
האָבן געקושט זיך, געלאַכט און געוויינט.
פאַרדרויכערט צוזאַמען, זיך לוסטיק געפילט
און אַוורעמל דער קלעזמער האָט אַ פריילעכס געשפּילט.

# ביים קראַנקן פּאַטער

## ● ע. ד׳אַמיטשיס

אין אַ רעגנדיקן מערץ טאָג איז אַ קליין ייִנגל, דאָרפיש געקליידט, אַן אויסגעווייקטער און פאַרבלאָטיקטער, מיט אַ פּעקעלע אונטערן אָרעם, שטיין געבליבן פאַרן טויער פון „שפּיטאָל פאַר אימיגראַנטן" און זיך נאָכגעפרעגט אויף זיין פּאַטער.

— ווער איז דיין פּאַטער? — האָט דער אויפזעער געפרעגט.

דאָס ייִנגל, וועלכער האָט אין גאַנצן געציטערט פון קעלט, האָט אָנגערופן דעם נאָמען. דער אויפזעער האָט אַזאַ נאָמען ניט געדענקט.

— אַן אַרבעטער — האָט דאָס ייִנגל דערקלערט מיט אַ נאָך מער איבערגעשראָקענער שטים — אַ וואַנדער-אַרבעטער.

— ווען איז ער אָנגעקומען אין שפּיטאָל?

— מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק.

דער אויפזעער איז אַ ווײַלע געשטאַנען, קראַצנדיק זיך אין קאָפּ, נאָכדעם, ווי פּלוצלונג דערמאָנענדיק זיך, אויסגערופן:

— אַהאַ! איך ווייס שוין. אין פערטן זאַל, דאָס בעטל אין דער זייט.

אַריינקומענדיק טיף אין זאַל, האָט זיך דער אויפזעער פאַרהאַלטן פאַר איינעם פון די בעטלעך און געזאָגט:

— אָט איז דיין טאַטע!

דאָס ייִנגל האָט זיך צעוויינט, אַרונטערגעלאָזט דאָס פּעקעלע אונטערן אָרעם, און אָנכאַפּנדיק די האַנט פון קראַנקן, וועלכע איז געלעגן אויף דער קאָלדרע, האָט ער זיין קאָפּ צום קראַנקנס ברוסט צוגעלייגט.

דער קראַנקער האָט זיך קיין ריר ניט געטאָן. אַפילו זיינע ליפּן האָבן זיך ניט באַוועגט.

אָרעמער טאַטע! ווי פאַרענדערט ער איז געוואָרן. דער זון וואָלט אים קיין מאָל ניט דערקענט. די האָר זיינען אים גרוי געוואָרן, די באָרד איז געוואַקסן שטאַרק פאַרוואָקסן, דאָס פּאָנעם איז געווען געשוואָלן, רויט, מיט אַ שטאַרק-אָנגעצויגענער און בלישטשענדיקער הויט. די ליפּן גראָב, די אויגן האָבן זיך קוים אַרויסגעזען. אַלע געזיכטס-שטריכן זיינען געווען פאַרענדערט. ער האָט שווער געאָטעמט.

— טאַטע, מיין טאַטע! — האָט דאָס יינגל געזאָגט — דאָס בין איך! דערקענסטו מיך ניט? איך בין דאָך שימען, דיין שימען... איך בין געקומען פון דאָרף... די מאַמע האָט מיך געשיקט. קוק אויף מיר, טייערער טאַטע. רעד כאָטש איין וואָרט אויס.

נאָר דער קראַנקער האָט, אָנקוקנדיק אים אַ ווײַלע, צוגעמאַכט די אויגן.

דאָס יינגל האָט וויינענדיק צוגערוקט אַ בענקל צום בעט, זיך אַנידערגעזעצט און געוואַרט, נישט אַראָפּנעמענדיק קיין אויג פון טאַטנס פּאָנעם.

ער איז פאַרזונקען אין אַן אומעטיק טראַכטן. ער האָט זיך דער־מאָנט, ווי דער פאָטער האָט זיך דעמאָלט אַוועקגעלאָזט אין דער ווייטער וועלט אַריין, ווי ער האָט זיך מיט די קינדער געזעגנט, ווי אַלע האָבן אים דערנאָך דערוואַרט מיט גוטע האָפענונגען, און ווי עס איז אָנגעקומען די נייעס, אַז ער איז קראַנק און ליגט אין שפּיטאָל. די מאַמע האָט דעמאָלט אַזוי ביטער געוויינט.

לאַנג איז ער אַזוי געזעסן ביז ער האָט דערפילט אַ לייכטן ריר אויף זיין אָרעם. ער האָט זיך שנעל אויסגעדרייט. דאָס איז געווען די „שוועסטער".

— וואָס איז מיין טאַטן? אויף וואָס איז ער קראַנק?

— באַלד וועט קומען דער דאָקטער — האָט זי געענטפערט — ער וועט דיר זאָגן.

ענדלעך איז דער דאָקטער געקומען. דאָס יינגל האָט שוין מער ניט געקענט איינהאַלטן זיינע טרערן און האָט זיך שטאַרק צעוויינט.

— וואָס איז מיין טאַטן?

— באַרואיק זיך, קינד — האָט דער דאָקטער געענטפערט — דיין טאַטע איז געפערלעך קראַנק, אָבער ס'איז נאָך דאָ אַ האָפענונג. דיין זיין דאָ האָט אים געמאַכט פילן בעסער.

— אָבער דער טאַטע דערקענט מיך ניט — האָט דאָס יינגל געענטפערט אַ וויינענדיקער מיט אַ פאַרצווייפלטער שטים.

— ער וועט דיך דערקענען. האָב נישט קיין מורע. לאָמיר האָפן, און זיי רואיק.

דער דאָקטער איז אַוועק ווייטער און דאָס יינגל האָט אָנגעהויבן זיין וואַכן לעבן דעם קראַנקן.

נישט קענענדיק מיט קיין סאַך העלפֿן, האָט ער אים כאָטש גלייך געמאַכט די קאָלדרע, לייכט אָנגערירט די האַנט, אַראָפּגעטריבן די פֿליגן פֿון אים, נאָך יעדן קרעכץ זיך אָנגעבויגן איבער אים און ווען די שוועסטער האָט געגעבן דעם קראַנקן עפּעס צו טרינקען, אָדער די רעפֿועס, האָט ער ביי איר צוגענומען דאָס גלאָז אָדער דאָס לעפֿעלע פֿון דער האַנט, אָדער זיי איר דערלאַנגט. טיילמאָל האָט דער קראַנקער געעפֿנט די אויגן און געקוקט אויף אים. אָבער ער האָט ביז אַצינד נישט געגעבן קיין שום צייכן, אַז ער דערקענט אים, כאָטש זיין בליק האָט זיך פֿאַרהאַלטן אויף אים וואָס אַמאָל לענגער, באַזונדערס, ווען דאָס ייִנגל האָט זיך וויינענדיק פֿאַרדעקט מיטן טיכל די אויגן.

און אַזוי זיינען אַריבער טעג און נעכט.

די נעכט איז דאָס ייִנגל דורכגעשלאָפֿן איינגעקאָרטשעט אויף צוויי בענקלעך אין ווינקל זאַל, און קוים פֿלעגט טאָג ווערן, האָט ער זיך ווידער גענומען צו זיין באַדינען דעם פֿאָטער.

דעם פֿינפֿטן טאָג איז דעם קראַנקן פֿלוצלונג ערגער געוואָרן.

דער דאָקטער איז געקומען, אַ קוק געטאָן און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגן, אַז אַלץ איז געענדיקט. דאָס ייִנגל איז אַנידערגעפֿאַלן אויפֿן טישל און זיך צעוויינט.

ביסלעכווייז האָט ער זיך באַרואיקט. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז דער קראַנקער הייבט אים אָן צו דערקענען. ער האָט אַלץ מער געקוקט אויפֿן ייִנגל, מיט ליבע און וואַרעמקייט. נישט קיין רעפֿוּע, קיין שום זאַך, האָט ער נישט געוואָלט נעמען, אויב נישט פֿון אים, און אַלץ אָפֿטער באַוועגט מיט אָנשטרענגונג די ליפּן, ווי ער וואָלט געוואָלט עפּעס אַרויסרעדן. אָפֿטמאָל האָט ער דאָס געטאָן אַזוי דייטלעך, אַז דאָס ייִנגל האָט אָנגעכאַפּט זיין האַנט, דערפֿרייט פֿון דער פֿלוצלונגדיקער האָפֿענונג.

איין מאָל, נאָך מיטאָג, האָט דאָס ייִנגל דערהערט ביי דער נאָענטסטער טיר פֿון זאַל שווערע טריט און אַ שטאַרקע שטים.

— זייט געזונט, שוועסטער!

דאָס זיינען געווען נאָר דריי ווערטער, און דאָך האָט דאָס ייִנגל אין גאַנצן אַ ציטער געטאָן.

אין דער רעגע איז אַריינגעקומען אין זאַל אַ מענטש מיט אַ גרויס פּעקל אין האַנט, און נאָך אים איז נאָכגעקומען די שוועסטער.

דאָס יינגל האָט אַ געשריי געטאָן, זיך אַ ריס געגעבן, נאָר גע־בליבן ווי איינגעוואָקסן אין דער ערד. דער מענטש האָט זיך אומ־געקוקט, געטראַכט אַ ווײַלע, און געבנדיק אַ געשריי: „שימען!" האָט ער זיך געוואָרפן צו אים.

— מיין שימען! מיין שימען! — האָט דער מענטש, וואָס איז געווען זיין עמעסער פאָטער, איבערגעכאַזערט און אַרומגעכאַפּט דעם זון און געקושט — זאָג־זשע מיר — האָט ער ענדלעך געזאָגט — וואָס דאָס אַלץ באַטייט. מען האָט דיך פאַרפירט צו אַן אַנדער בעט! און איך האָב ניט געקענט שלאָפן גאַנצע נעכט, וואָרים דאָ שרייבט מיר די מאַמע: „איך שיק אים" און דו ביסט נישטאָ און נישטאָ. ווי לאַנג זשע ביסטו שוין דאָ, יינגל?... ווי אַזוי האָט דאָס געקענט גע־שען?.. און איך האָב מיך קוים אַרויסגעדרייט!... און די מאַמע? און דאָס שוועסטערל? און דאָס ברודערל? וואָס זשע מאַכן זיי? אָבער צו וואָס זיינען מיר נאָך דאָ אין שפּיטאָל? קום, יינגל! ווער וואָלט דאָס געגלויבט!...

ענדלעך האָט זיך דער יינגל אָנגעקושט, באַרואיקט, געענטפערט וועגן דער היים, וועגן דער פאַמיליע.

— גו, קום־זשע! — האָט דער פאָטער געזאָגט — מיר וועלן נאָך אויף היינט ביינאַכט אָנקומען אַהיים, קום!

ער האָט אָנגענומען דעם יינגל ביי דער האַנט. דער יינגל האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, געקוקט אויפן קראַנקן און זיך נישט גערירט.

דער קראַנקער האָט אויך אין דעם מאָמענט אויפגעעפנט די אויגן און געקוקט אויף דעם יינגל.

און דעמאָלט האָט אַ קוואַל פון ווערטער אַ שלאָג געטאָן דעם יינגל פון דער טיפעניש פון זיין האַרצן:

— ניין, טאַטע! וואַרט אַ ווײַלע.. איך קען נישט... דער אַלטער... זעסט... שוין פינף טעג בין איך לעבן אים. ער קוקט אַלץ אויף מיר... איך האָב געמיינט, אַז דאָס ביסטו... איך האָב אים ליב געקראָגן. זעסט ווי ער קוקט אויף מיר... כ'האָב אים געגעבן צו טרינקען, געווען קעסיידער לעבן אים... ער איז זייער קראַנק... האָב געדולד, טאַטע! איך ווייס נישט... איך קען נישט... איך האָב נישט קיין האַרץ אַזוי

אַוועקצוגיין פון אים... אים איבערצולאָזן. מאָרגן וועל איך קומען אַהיים... כ׳וועל נאָך אַ ביסל דאָ זיין ביי אים. זעסט ווי ער קוקט אַלץ... כ׳וויים נישט ווער ער איז, אָבער ווען ער וואָלט אַזוי געשטאָרבן... אַליין, וואָלט ער געהאַט פאַרדראָס אויף מיר... דערלויב מיר דאָ בלייבן ביי אים, טאַטע, דערלויב !...

דער פאָטער איז געשטאַנען, נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן, קוקנדיק דאָ אויפן זון, דאָ אויפן קראַנקן.

— ווער איז ער ? — האָט ער ענדלעך געפרעגט דעם דאָקטער.

— אַ דאָרפסמאַן, אַזוי ווי איר. ער האָט זיך אויך ווי איר צוריקגעקערט פון אַ רייזע און דעם זעלבן טאָג האָט מען אים געבראַכט אין שפּיטאָל. מען האָט אים געבראַכט אַ פאַרכאַלעשטן. ער האָט נאָך ביז היינט נישט גערעדט. עפּשער האָט ער אויך ערגעץ אַ פאַמיליע, קינדער. עפּשער האָט זיך אים געדאַכט, אַז אייער יינגל, דאָס איז איינס פון זיינע קינדער.

— בלייב ! — האָט דער פאָטער געזאָגט — האָסט אַ גוט האַרץ, יינגל ! איך גיי באַלד אַהיים, צו דערפרייען וואָס גיכער די מאַמע.

ער האָט אים אַרומגענומען, געקוקט אויף אים מיט טיפער גערירטקייט, נאָכאַמאָל אים געקושט אין שטערן און אַוועקגעגאַנגען.

און אַזוי האָט זיך שימען צוריקגעקערט צו זיין אַרבעט אַלס וועכטער ביים אומבאַקאַנטן אַלטן, שוין נישט וויינענדיק, אָבער מיט דער זעלבער אויפמערקזאַמער גערירטקייט, מיט דעם זעלבן געדולד, ווי פריער. און ווידער אים גלייך געמאַכט די קאָלדרע, ווידער אים געגלעט זיין ווייסע האַנט און מיט זיסע ווערטער אים דערפרייט, צוגעגעבן מוט, און אַזוי אים געהיט בייטאָג און ביינאַכט.

אין דער צייט פון זיין ביינאַכטיקן וויזיט, האָט דער דאָקטער געזאָגט, אַז דעם אַלטן איז ערגער געוואָרן. דעמאָלט האָט שימען פון אים די אויגן נישט אַראָפּגעלאָזט און דער קראַנקער האָט אויך געקוקט, אַלץ געקוקט אויפן יינגל, און פון צייט צו צייט באַוועגט די ליפּן, ווי ער וואָלט געוואָלט עפּעס זאָגן.

דער יינגל האָט אָנגענומען דעם קראַנקנס האַנט. דער קראַנקער האָט אַ בליק געטאָן אויף אים און פאַרמאַכט די אויגן. נאָר דעם יינגל האָט זיך געדאַכט, אַז אין דער קורצער ווײַלע פילט ער אַ דריק פון זיין האַנט.



ביי דער קראַנקער שוועסטער                מינקאָווסקי

— ער האָט מיר אַ דריק געטאָן די האַנט! — האָט ער געזאָגט.

דער דאָקטער האָט זיך אָנגעבויגן איבערן קראַנקן, זיך צוגעהערט צו זיין אָטעם, נאָכדעם האָט ער זיך פּאַמעלעך אויסגעגלייכט.

— גיי, קינד! — האָט דער דאָקטער געזאָגט — דיין הייליקע אַרבעט איז שוין געענדיקט. גיי און זיי גליקלעך, וואָרים דו ביסט דאָס ווערט.

די שוועסטער איז צוגעגאַנגען צו שימענען מיט אַ בוקעטל פיאַלקעס, וועלכע זי האָט אַרויסגענומען פון אַ קריגל, וואָס איז געשטאַנען אויפן פענצטער.

— איך האָב דיר נישט וואָס צו געבן, קינד! — האָט זי געזאָגט — נעם כאָטש די בלימעלעך צום אָנדענק פון שפּיטאָל.

— אַ דאַנק! — האָט ער געענטפערט, נעמענדיק דאָס בוקעטל אין דער האַנט און מיט דער צווייטער זיך אויסווישנדיק די אויגן.

צעבינדנדיק די בלימעלעך, האָט ער זיי צעשפּרייט איבערן בעט פון אַלטן.

— כ׳לאָז זיי דיר, אומבאַקאַנטער, שלאָף רואיק.

ער האָט גענומען זיין פּעקעלע אונטערן אָרעם און פּאַמעלעך אַרויסגעגאַנגען פון שפּיטאָל־זאַל.

# װינטער

● פּערעץ מאַרקיש

כ׳בין אַרויס דיר, פראָסט, אַנטקעגן
אויף די אויסגעגלאָזטע װעגן:
איך מיט גליטשערס נייע צװיי,
דו מיט שליסל פונעם שניי.

שליסטו אויף דאָס שנייענשיטן,
מיר מיין גליטשלקע פאַרשיטן —
איז דער טייך געגנוג נאָך גרויס,
און איך רייב אַ נייע אויס.

שטעלסטו אונטער מיר אַ פיסל —
רייס איך אויס ביי דיר דעם שליסל
און אַנטלויף מיט אים, היי, היי —
כ׳בין געפאַלן און איך שטיי!

און צעגלי מיר נאָך די באַקן
מיט אַ װינטל אַ געשמאַקן,
כ׳גיב זיך איין מאָל נאָר אַ דריי
און איך באַװאָרף דיך גלייך מיט שניי.

אויסגעקאַטשעט כ׳האָב אַ שנייער
העכער נאָך פון אונדזער טויער,
ציילן קאָנסטו, פראָסט? איינס, צװיי,
כאַפּ אַ קויל און װייטער גיי!



# ווי אַזוי מען האָט אָרגאַניזירט יוניאָנס, סטרייקס און סטרייקלעד

(זיכרוינות)

● ב. ווײַנשטיין

די הויפּט אַרבעט ביים גרינדן יוניאָנס איז באַשטאַנען אין רופן מיטינגען, אָדער ווי מע האָט זיי גערופן, „מאַסן פאַרזאַמלונגען".

עס זיינען געווען וואָלונטירן, וואָס פלעגן ג'יין צו די שעפּער און שוויצשעפּער און דאָרטן אויסטיילן די אַרבעטער „הענדבילס". זיי פלעגן די „הענדבילס" אויך צעטראָגן אין די רעסטאָראַנען, „דענסינג סקולס", און סיגאַר סטאָרס, און אומעטום וואו אַרבעטער פלעגן זיך צוזאַמענקלייבן.

קיין אַרבעטער ציימונג, דורך וועלכער מע זאָל קאָנען גרייכן דעם יידישן אַרבעטער, איז נאָך דעמאָלט נישט געווען. באַלעבאַטישע ציימונגען זיינען שוין יאָ געווען, אָבער זיי פלעגן נישט וועלן געבן קיין נאָטיץ וועגן אַרבעטער-פאַרזאַמלונגען. ווען ס'האָט זיך געמאַכט אַ סטרייק פון שניידערס, אָדער בעקערס, פלעגן די באַלעבאַטישע ציימונגען זיין אויפן צאַד פון די באָסעס, און קעגן די יוניאָנס. דעם יידישן אַרבעטער האָט מען דעריבער געקאָנט גרייכן נאָר דורך „הענדבילס".

עס זיינען אויך געווען באַשטימטע פּלעצער, וואו יידישע אַרבעטער פלעגן זיך פאַרזאַמלען אין זייער פרייער צייט און יעדן שאַבעס. אויפן ווינקל פון עסעקס און העסטער סטריט, וואָס מע האָט גערופן „דער יידישער כאַזער-מאַרק", פלעגן זיך יעדן שאַבעס פאַרזאַמלען די רעק-מאַכער; אויפן ווינקל פון לודלאָוו און ברום סטריט פלעגן זיך צונויפקומען די שניידער פון קינדער-הייזלעך (ניפּענטס-מאַכער). דאָרט איז געווען דער קלענערער „כאַזער-מאַרק". די „קלאָוק-מאַכער" פלעגן שטיין אויפן ווינקל פון אָרטשאַרד און העסטער סטריט. און די רומענישע אַרבעטער האָט מען, אין זייער פרייער צייט, געקאָנט געפינען בלויז אין די טאַנץ-שולן.

אַזוי שנעל ווי מע פלעגט זיך איינגעבן צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער פון עטלעכע שעפּער און נאָך איידער די יוניאָן פלעגט צייט האָבן

צו באַשליסן וועגן אַ סטרייק, פלעגן די אַרבעטער אין איינצלנע שעפּער שוין נישט האָבן קיין געדולד צו וואַרטן און — אַליין אַרויסגיין אין סטרייק.

אין אַזוינע פאַלן פלעגן די סטרייקערס אַוועקגיין אין אַ ביר־סאַלון, דינגען אַ פאַרזאַמלונג־פּלאַץ און אַרומלויפן זוכן די פירער פון די יוניאָנס. קיין אייגענע אָפיסעס האָבן די יידישע יוניאָנס נאָך דעמאָלט נישט געהאַט.

אַז די יוניאָנס פירער פלעגן אָנקומען, פלעגן זיי זיך ערשטנס פאַנאַנדער־פרעגן אַלע איינצלהייטן וועגן סטרייק. דערנאָך פלעגן זיי אַוועקגיין צו די באַלעבאַטים אויסהערן זייער צאַד. אַמאָל פלעגט זיך איינגעבן טייקעף צוריקגיין צו דער אַרבעט.

אויב מע איז אָבער נישט געקומען צו קיין אויסגלייך מיט די באַלעבאַטים, האָט מען זיך גענומען אָרגאַניזירן דעם סטרייק אויף אַ לייטישן אויפן. מע האָט אויסגעקליבן עטלעכע אַרבעטער, זיי זאָלן אַרויפגיין אין די שעפּער זען, צי סע אַרבעטן נישט קיין סקעבס, און מע האָט באַשטימט פּיקעטס צו פּיקעטן אַרום די שעפּער.

אין יעדן סטרייק איז פאַר די באַלעבאַטים נישט שווער געווען צו קריגן סקעבס. די מיינסטע אַרבעטער זיינען נאָך נישט געווען אָר־גאַניזירט אַז מע זאָל זיי קענען קאָנטראָלירן. אַכוץ דעם פלעגן זיך צו די סטרייק שעפּער צונויפלויפן טרעמפּס און דערציילן די פּיקעטס, אַז זיי וואָלטן נישט וועלן גיין פאַרנעמען די פּלעצער פון די סטרייקערס, נאָר וואָס זאָלן זיי נעבעך טאָן, אַז זיי זיינען שוין לאַנג אַרבעטלאָז און גייען פּאַשעט אויס פון הונגער. אויב מע וועט זיי שטיצן מיט געלט, וועלן זיי נישט סקעבן.

אָט דער מין טרעמפּ פלעגט צונעמען די לעצטע פענים פון דער יוניאָן־קאַסע.

די באַלעבאַטים, וואָס האָבן צוגענומען סקעבס, פלעגן געוויינלעך אַרומשטעלן זייערע שעפּער מיט „שטאַרקע" און מיט „שלעגערס", אָדער מיט „גאַרדס", ווי זיי האָבן זיי גערופן.

די פּאָליסלייט און דעטעקטיווס זיינען אויך נישט געזעסן ליידיק. זיי פלעגן אָנפאַלן אויף די סטרייקערס און זיי צעמיימיסן, און נאָכדעם נאָך אַוועקשלעפּן אין די געריכטן און מאַכן אויף זיי בילבולים.

די ריכטער אין יענער צייט פלעגן זיין „באַאַרבעט" פון די

פּאָליטישנס, וואָס פלעגן לייכט פּויעלן, אַז מע זאָל די סטרייקערס פאַרשיקן אויף כּאַדאָשים לאַנג אין „וואָירק־האַוז".

די קאַסעס פון די יוניאָנס זיינען געוויינלעך געווען פּוסט. איין סטרייקער פלעגט אַרומלויפן מיט אַ מוף־צעטל אין האַנט, אַ צווייטער פלעגט זיך קלאָגן, אַז ביי אים אין הויז איז קיין ברויט נישטאָ, ביי אַ דריטן איז די פרוי קראַנק, ביי אַ פערטן איז אַ קינד קראַנק, און אַזוי אָן אַ שיר צאָרעס. און דער סטרייק־קאָמיטעט האָט געמוזט זען אַלעמען מיט עפּעס העלפן.

מיט דעם גרינדן „די פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן", אין יאָר 1888, איז די לאַגע פון די יוניאָנס געוואָרן אַ סאַך בעסער. „די געווערקשאַפטן" האָט פאַראייניקט אַלע יידישע יוניאָנס אין איין שטאַרקער קערפּערשאַפט. די קליינע, שוואַכע יוניאָנס, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אַליין אָנצופירן אַ סטרייק, אַ קאַמף פאַר בעסערע באַדינגונגען — זיי פלעגן „די געווערקשאַפטן" אַלעמאָל קומען צו הילף. די גרעסערע יוניאָנס האָבן געפילט אין „די פאַר־אייניקטע יידישע געווערקשאַפטן", אַז זיי האָבן אויף זייער זייט די גאַנצע אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטערשאַפט.



„היים־אַרבעט" — וויליאַם גראָפּער

# ווי זיין טאַטע האָט געטאָן
(פון הערשעלע אָסטראָפּאָליערס מייסעס)

איין מאָל, עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, איז הערשל אָנגעקומען אין אַ קרעטשמע אויף נאַכטלעגער. הערשל בעט דעם קרעטשמער, ער זאָל אים געבן עפּעס עסן.

דער קרעטשמער איז אָבער געווען זייער אַ קאַרגער און ער האָט געוואוסט, אַז קיין געלט האָט הערשל ניט, ווייל ער אים קיין עסן ניט געבן און דערלויבט אים קוים איבערנעכטיקן.

הערשל זעט שוין מיט וועמען ער האָט צו טאָן, רופט ער זיך אָן:

— נישקאָשע, איר ווילט מיר קיין עסן ניט געבן, וועל איך שוין מוזן טאָן ווי מיין טאַטע האָט געטאָן.

און ער פאַנגט אָן אַרומצוגיין איבער דער שטוב און רעדן צו זיך אַליין:

— יאָ, איך זע שוין, אַז איך וועל מוזן טאָן ווי מיין טאַטע האָט געטאָן. עס וועט שוין גאָרניט העלפן, איך האָב קיין אַנדער ברירה ניט.

אַז דער קרעטשמער האָט דערהערט ווי הערשל גייט אַרום איבער דער שטוב און האַלט אין איין רעדן צו זיך, אַז ער וועט מוזן טאָן ווי זיין טאַטע האָט געטאָן, האָט ער זיך זייער דערשראָקן און ער האָט געפרעגט הערשלען:

— איך בעט אייך זייער, זאָגט מיר וואָס אַזוינס האָט אייער טאַטע געטאָן?

הערשל ענטפערט אים גאָרניט, נאָר ער גייט אַלץ אַרום איבער דער שטוב און האַלט אין איין רעדן צו זיך:

— יאָ, קיין אַנדער ברירה איז שוין ניטאָ... פּונקט ווי מיין טאַטע האָט געטאָן.

האַקלאַל, דער קרעטשמער האָט זיך שוין רעכט דערשראָקן, נעמט ער און הייסט גלייך גרייטן צום טיש און איז מעכאַבעד הערשלען מיט אַ גוטער וועטשערע.

אַז הערשל האָט אָפּגעגעסן און טאַקע גוט האַנאָע געהאַט פון דער וועטשערע, האָט אים דער קרעטשמער נאָך אַ מאָל געפרעגט:

— איך בעט אייך, רעב הערשל, וואָס האָט איר פאָרט געמיינט איר וועט טאָן „ווי אייער טאַטע האָט געטאָן"?

ענטפּערט אים הערשל:

— פאַרשטייט איר מיך, מיין טאַטע איז געווען פּונקט אַזאַ אָרעמאַן ווי איך. און דער טאַטעס מיינער, אַז ער האָט ניט געהאַט קיין וועטשערע, פלעגט ער זיך לייגן שלאָפן אַ הונגעריקער...

# האָב און גוטס...

● אַרן קורץ

אויף אַן אָרעמען ראָג
פון אונדזער שטאָט ניו יאָרק,
אויף אַ שמאָלן, צעפּלאַצטן טראָטואַר
ליגט אַ בערגל אָפּגעבליאַקעוועטע שטולן, אַן אויוון אַ פאַרראָסטעטער,
אַ הינקענדיק בעט
און אַ קינדער-וויגל — ליידיק, ווי דאָס האַרץ
ביים באַלעבאָס פון דירע, ווי דאָס ברויט-קעסטל,
דאָס בלעכענע, וואָס ליגט אַן אָפּנס
אין וויגל.
אויפן פאַרבלאָזן קיך-טיש שטייען צוויי קליינע מעש-לייכטער
לעבן אַ פאַרכאַלעשטן וואַנט-זייגער. שפּילט זיך די זון
מיטן קאַלטן מעש,
מיט די מאַכטלאָזע שאָען אויפן שטומען, אומעטיקן זייגער.

ווען די זון איז אַוועק,
איז געקומען אַ ווינט.
האָט אויך דער ווינט, ווי די זון, ניט געבראַכט
קיין הילף און קיין טרייסט
פאַר דעם היימלאָזן געזינט, וואָס זיצט איצט ביי די גרייטע,
ברייטע טויערן פון דער נאַכט — ביי דער פאַרהאַקטער טיר.
אונטער וואָלקנדיקע קאָלדרעס
וויגט זיך אום אין ווינט דאָס וויגל,
ליגט איינגעקנוילט אַן אָפּגעטראָגענער מאַטראַץ,
און וויינט אוים פאַר דער נאַכט און פאַר דער רייכער שטאָט
דעם טרויער פון אַ ביטער לעבן.

# דער סאָבוויי־זינגער

● מ. א. סוף

צי פאָרסטו אויף בריק פון מאַנהעטן,
צי פאָרסטו אויף וויליאַמסבורג בריק,
ס׳וועט נויט מיט געזאַנג דיך באַגלייטן,
ס׳וועט הונגער דיר שפּילן מוזיק.

אָט שטייט ער אין מיטן וואַגאָן דאָ,
אַ ריז מיט צוויי דעמבענע הענט.
כאָטש הייס אים די שטאַנגען צעטראָגן,
כאָטש הייס אים צעשפּאַרן די ווענט.

און ס׳בייט זיך די פאַרב פון זיין פּאָנעם,
און ס׳בלאָנדזשען צעטומלט די הענט —
ווי אַ קינד וואָס וויל עפּעס זאָגן,
און פּלאָפּלט פאַרלאָרן, פאַרשעמט.

— אַנטשולדיקט מיר, דאַמען און הערן,
וואָס כ׳רויב אייער צייט דאָ אומזיסט.
איך וויל אַז איר אַלע זאָלט הערן,
איך בין אַן עקספּערט מאַשיניסט.

איז קאָן ווער אַ דזשאַב מיר געבן,
אויף ברויט פאַר מיין ווייב און מיין קינד.
אַניט מוז איך מאַכן אַ לעבן
פון אָט דעם וואָס איך טו דאָ אַצינד.

און ס׳ציטערט אין האַנט די האַרמאָשקע,
ווי ס׳ציטערט אין אויג אים זיין בליק.
דער ריז זינגט אין סאָבוויי אַ לידל,
און באַגלייט זיך אַליין מיט מוזיק.



„אַרויסגעטריבענע" ס. הירשענבערג

# יאַנעק און יאַנקל

## ● כאַווער פּאַווער

ס'איז אַ פרילינג פאַרנאַכט. יאַנעק פאָרט רייטנדיק אויפן פערד און זיין הויכער טאַטע סטאַך גייט נאָך צופוס. דאָס קערן זיך אום טאַטע און זון פון פעלד.

אָבער וואָס איז עפּעס היינט געשען אין דאָרף, וואָס אַלע מענטשן קוקן אוים אַזוי מאָדנע? וואָס שטייען זיי אין גרויסע רעדלעך און מען שושקעט זיך? וואָס האַלטן זיי אין איין קוקן אויף דעם הויז, וואו דער יידישער קרעמער שלוימע וואוינט?

דער טאַטע פירט אַריין דאָס פערד אין שטאַל. יאַנעק לויפט אַריין אין הויז מיט אַ געשריי:

— עסן, עסן!

אָבער פאַרוואָס איז זיין מאַמע אויך עפּעס צעטראָגן? פאַרוואָס שמייכלט זי צו אים ניט, און זאָגט ניט צו אים, ווי שטענדיק:

— ביסט מיד, זון? אָט גיב איך דיר באַלד עסן.

וויל שוין יאַנעק פרעגן זיין מאַמען וואָס עס איז געשען, קאָן ער

שוין ניט, ווייל דער הויכער טאַטע זיינער סטאַק קומט אַריין אין הויז.

ער וועט לויפן צו זיין יידישן כאַווער יאַנקלען, וועט אים יענער שוין אַלצדינג דערציילן: פאַרוואָס איז היינט פאַרנאַכט עפּעס אַזוי אַנדערש אין דאָרף?

שלוימע הייסט דער טאַטע. סאָרע הייסט די מאַמע. עסטער הייסט די שוועסטער. יאַנקל הייסט דאָס ברודערל. יאַנקל — יאַנעקס כאַווער.

יאַנעק און יאַנקל, ווי זיי פאַרברענגען אַזוי שיין שטענדיק צו־זאַמען,ביידע כאַוויירים. יאַנעק מיט די בלויע אויגן, מיט די געלע צעפּאַטלטע האָר. אָן אַ היטל. יאַנקל מיט די ברוינע אויגן, מיט די שוואַרצע צעשויבערטע האָר, מיט אַ היטל. ביידע גייען אָבער באָרוועס אַ גאַנצן זומער. ביידע קאָנען שווימען אין טייך העט ווייט, אַזש צו דער בריק. ביידע קאָנען וואַרפן שטיינדלעך אַזוי הויך, אַז אָט באַלד רירן זיי אָן דעם הימל.

פאַרוואָס־זשע ברענט ניט קיין ליכט ביי זיין כאַווער יאַנקלען אין הויז? פאַרוואָס זיינען די לאָדן גאָר צוגעמאַכט און ס'איז נאָך אַזוי פרי אין דער נאַכט?

— יאַנקל, יאַנקל, לאָז אַריין — קלאַפּט ער אין טיר.

לאָזט אים קיינער ניט אַריין. איז שטיל אַזוי אינעווייניק אין הויז דאָרטן. וואָס איז געשען? ווער וועט אים דערציילן?

אַזויפיל מענטשן שטייען פאַרן שענק. זיי טייַנען עפּעס צווישן זיך. עפּשער וועט ער זיך פון זיי עפּעס דערוויסן.

— גוט אַזוי, מען דאַרף זיי שלאָגן, די פאַרשאָלטענע יידן — היצט זיך אַ פּויער יאַן, וואָס איז שטענדיק שיקער.

— לאָמיר צו אונדזער יידן אויך טאָן דאָס זעלבע, ווי אין שטאָט — שרייט דער הויכער סטאַניסלאַוו מיטן פאַרשוואָלענעם פּאָנעם.

— עסט, טרינקט, מענטשן, איך צאָל! — רופט אויס יוזעף, דער אויסגעפּוצטער באָכער, דעם לערערס אַ זינדל, וואָס זאָגט שטענדיק די פּויערים, אַז מען דאַרף די יידן פיינט האָבן. — און דו וועסט זיך נאָך כאַווערן מיט דעם פאַרשאָלטענעם יידישן יינגל — דערזעט יוזעף יאַנעקן צווישן אוילעם און הייבט אָן אויף אים צו שרייען — אַ פּויליש יינגל טאָר זיך ניט כאַווערן מיט אַ פאַרשיוון יידן — טופּעט יוזעף

מיטן פּוס — ס׳צווייטע מאָל, אויב איך וועל דיך דערזען צוזאַמען מיט יאַנקלען, וואַרף איך דיך אַריין אין טייך.

— כאַ, כאַ, כאַ — לאַכן די פּויערים.

יאַנעק אַנטלויפט אַהיים. ער האָט מוירע. ער שרעקט זיך. ער פאַרשטייט גאָרניט, וואָס מען וויל פון אים, וואָס וויל מען פון די יידן ? . . . וואָס אַזוינס טוען זיי ? פאַרקערט, יאַנקלס מאַמע, סאָרע, גיט אים אַמאָל פרייטיק צו עסן אַזוינע פיינע לאַטקעס געפּרעגלט אין בוימל. שלוימע, יאַנקלס טאַטע, גיט אים אַמאָל אַ צוקערקע אומזיסט. וועגן יאַנקלען שמועסט מען דאָך ניט. יאַנקל — זיין בעסטער און ליבסטער כאַווער.

— שלאָפן, מיין זון, שלאָפן — מאַכט צו אים די מאַמע.

ניט אין הויז שלאָפט יאַנעק. אין שטאַל, צווישן שטרוי, שלאָפט ער. דער טאַטע שלאָפט אויך דאָרטן. ער כראָפּעט שוין טאַקע, דער טאַטע זיינער. אין אָנטאָן ליגט ער. בלויז די שטיוול האָט ער אויס־געטאָן און כראָפּעט.

יאַנעק איז אַזוי מיד און ער קאָן גאָר ניט איינשלאָפן. די נאַכט איז אַזוי ליכטיק. די לעוואָנע קוקט אַריין דורך דער אָפענער טיר פון שטאַל. יאַנעק האָט היינט ביינאַכט מוירע פאַר דער גרויסער ליכטיקער לעוואָנע. יאַנעק האָט מוירע פאַר דעם טומל, וואָס דער־טראָגט זיך פונעם שענק.

— שאַ נאָר. עמעצער גייט צו דער שטאַל. ווער קאָן דאָס זיין ? אָ, ס׳איז אַדאַס, דעם טאַטנס אַ פריינט.

— סטאַך, סטאַך — וועקט אַדאַס.

— ווער איז דאָס ? — איז דער טאַטע פאַרשלאָפן — ס׳איז דו, אַדאַס ? וואָס ווילסטו ?

— דאָס דאַרף קלייבט זיך צו באַפאַלן דעם יידן שלוימען — ענטפערט אים אַדאַס.

— באַפאַלן דעם יידן שלוימען ? — פאַרשטייט נאָך ניט דער פאַרשלאָפענער סטאַך.

— הערסט ניט וואָס מען רעדט צו דיר ? — איז אַדאַס שוין אין קאַעס — שטיי אויף, נעם די האַק, שנעלער.

אַדאַס לויפט גלייך אַוועק. דער טאַטע שטייט אויף פון שטרוי. דער טאַטע טוט אָן די שטיוול. דער טאַטע נעמט די האַק. אַזוי

שרעקלעך קוקט איצט אויס דער טאַטע מיט דער האַק אין די הענט, ווי אַ גאַזלען קוקט ער אויס.

יאַנעק וויל וויינען. זיין אייגענער טאַטע גייט אויך שלאָגן דעם יידן שלוימען און זיין כאַוועך יאַנקלען, און זיין כאַווערס שוועסטער עסטער, און זיין כאַווערס מאַמען סאָרע.

— וואוהין גייסטו, סטאַך? — יאַוועט זיך די מאַמע אַ דער־שראָקענע.

— אין ערגעץ ניט, און דו בלייב אין הויז.

— סטאַך, גיי ניט! איך וועל ניט לאָזן — וויל די מאַמע אַרויס־כאַפּן די האַק פון סטאַכס האַנט.

— הער אויף — גיט דער טאַטע זי אַ שטופּ אָפּ און לאָזט זיך אַוועק.

— אומגליק גרויסער, אומגליק גרויסער — וויינט די מאַמע אין דער שטיל — אוי, אומגליק, אומגליק.

הינט האַווקען אַזוי שרעקלעך. דאָס גאַנצע דאָרף מיט הינט האָט זיך צעהאַווקעט. או, או, או, רודערט זיך אויף דער גאַס. מענטשלעכע טריט. אַ סאַך טריט. קומען נעענטער און נעענטער.

— געוואַלד! געוואַלד! — שרייט עמעצער.

יאַנעקן ווערן פאַרפרוירן די האָר אויפן קאָפּ. ער ווייסט שוין ווער ס'שרייט געוואַלד. דאָס שרייט יאַנקלס טאַטע אַזוי געוואַלד.

אַזויפיל בייזע קוילעס. מען שרייט, מען לויפט, מען ברעכט פלויטן. די הינט זיינען שוין הייזעריק פון אַזויפיל האַווקען. מען שלאָגט זיך דאָרטן. פרויען קוויטשען. יאַנעק קען שוין ניט אָטעמען.

שטיל געוואָרן. גאָר שטיל. האָט שוין איצט יאַנעק מוירע פאַר דער שטילקייט. עפשער האָט מען זיי שוין געהאַרגעט. עפשער איז דאָס געוועזן זיין טאַטע סטאַך, וואָס האָט דערהאַרגעט זיין כאַוועך יאַנקלען. יאַנעק וויינט. וויינט אַזוי לאַנג, ביז ער שלאָפט איין.

:: :: ::

— יאַנעק, יאַנעק — שלעפּט אים עמעצער ביי די פיס.

— ווער איז? וואָס איז? — דערשרעקט זיך דער יינגל.

— שטיי אויף, זון — רעדט צו אים די מאַמע — ס'איז שוין שפּעט אין טאָג. דיין טאַטע איז שוין פון לאַנג אַוועק אין פעלד. ער האָט דיך נאָך געלאָזט שלאָפן, אָבער ס'איז שוין אַזוי שפּעט.

זאָל אים די מאַמע ניט דערמאָנען דעם טאַטן. ער האָט איצט מוירע פאַר זיין טאַטן. יאַנעק וועט אַנטלויפן פון הויז. ער וויל גאָר ניט לעבן מיט אַזאַ טאַטן.

— גיי עסן, מיין זון. ס'שטייט שוין די זופּ אויפן טיש.

— ניין, יאַנעק וויל ניט עסן. ער מוז לויפן אַ קוק טאָן. יאַנעק לויפט טאַקע. מיט דער גאַס אַרויף לויפט ער.

אַ וואָגן שטייט לעבן זיין כאַווערס הויז. אַ וואָגן אָנגעפּאַקט ביז אַרויף מיט בעטגעוואַנט, מיט קליידער, מיט טעפּלעך און מיט פאַר־שיידענע אַנדערע שמאַטעס.

— יאַנעק, יאַנעק — שפּרינגט אַראָפּ יאַנקל פון וואָגן און לאָזט זיך לויפן צו זיין פּוילישן כאַווער.

יאַנקלס קליינע אויגן זיינען איצט אַזוינע גרויסע. זיין פּאַנעם איז אַזוי בלאַס. אָבער ער איז גאַנץ. אין ערגעץ ניטאָ קיין בלוט.

— מיר פאָרן שוין אַוועק, יאַנעק — זאָגט יאַנקל מיט טרערן אין די אויגן — מיר וועלן זיך שוין קיין מאָל ניט זען.

— פאַרוואָס?

— מיין טאַטע האָט מוירע צו בלייבן אין דאָרף — קלאָגט זיך יאַנקל — מען האָט אונדז נעכטן ביינאַכט געוואָלט דערהאַרגענען. מען וואָלט אונדז טאַקע געוועזן דערהאַרגעט אויך, ווען ניט דיין טאַטע.

— מיין טאַטע?

— יאָ, דיין טאַטע און אַדאַם און נאָך אַנדערע מענטשן. זיי האָבן זיך אַוועקגעשטעלט פאַר אונדזער הויז מיט העק און מיט גראָבע שטעקנס און מען האָט ניט געלאָזט. איז געוואָרן אַ געשלעג. אָבער דיין טאַטע און אַדאַם און די אַנדערע מענטשן זיינען געוועזן שטאַרקער און מען האָט די כוליגאַנעס פאַרטריבן.

— יאַנקל, יאַנקל — שרייט סאָרע — קריך אין וואָגן.

קריכט יאַנקל אין וואָגן. קריכט אַרויף זיין שוועסטערל עסטער, זיין מאַמע סאָרע, זיין טאַטע שלוימע. גיבן זיך די פערד אַ ריר. גיבן זיי אַ שלעפּ. הייבט אָן אַוועקצוגיין דער וואָגן. הייבט אָן אָפּצופאָרן דער וואָגן ווייט ווייט. איז שוין מער ניטאָ דער וואָגן. איז שוין מער ניטאָ זיין כאַווער יאַנקל.

לויפט יאַנעק צום טאַטנס פעלד. לאַנג, לאַנג יאָגט ער. זער מיז

קומען גיכער צולויפן. ער מוז גלייך זען דעם טאַטן. ער דאַרף עפּעס זאָגן דעם טאַטן זיינעם. ער וועט אים זאָגן: „דו ביסט אַ גוטער מענטש, טאַטע.“

— היי, וויאַ, היי, נו! — רעדט דער טאַטע און ער שטופּט אונטער דעם אַקער.

ער גייט, דער לאַנגער טאַטע זיינער, נאָכן אַקער. אַ באָרוועסער, אין לייוונטענע הויזן, אין אַ לייוועגטן העמד. מיט אַן אָפּגעדעקטן קאָפּ, מיט שוויים אויפן האַלדז גייט ער נאָכן אַקער, אַזאַ שטאַרקער, אַזאַ ברייטער.

האָט שוין יאַנעק מוירע אויסצורעדן אַ וואָרט צום טאַטן דעם שוויגער. יאַנעק וויל וויינען, וואָס זיין כאַווער יאַנקל איז אַוועק און ער וועט אים שוין קיין מאָל ניט זען. יאַנעק וויל זיך פרייען, וואָס זיין טאַטע איז אַזאַ גוטער מענטש.

קאָן שוין יאַנעק ניט וויינען. קאָן שוין יאַנעק זיך ניט פרייען, ווייל ער דאַרף נעמען דאָס פערדל ביים צוימל, ווייל ער דאַרף שפּאַנען מיטן פערדל אויף אַ קליינער שורע, קעדיי דער טאַטע מיטן אַקער זאָל אויפרייסן די טרוקענע ערד, קעדיי ס׳זאָלן זיך אויסלייגן פייכטע שטיקער ערד. וועט מען דערנאָכדעם פאַרזייען קערנדלעך. וועלן פון די קערנדלעך אַרויסוואַקסן געלע זאַנגען. וועט אויף די זאַנגען אויס־וואַקסן ברויט.

— היי, וויאַ! נו, היי! היידאַ!...



אין פעלד — א. גודלמאַן

# אין דער וועסט

● א. ראַבאָי

אין דער ווייטער וועסט האָט דער ייד, הער גאָלדענבאַרג, ווייטע, ברייטע ראַנדזשן, אויף וועלכע עס יאָגן זיך זיינע ווילדע פערד אָן אַ צאָל.

האַלט דער ייד גאָלדענבאַרג צו זיינע פערד אַ יונג. איז ער אַ שטילער און טוט זיין אַרבעט אין צייט, האָט ליב די פערד און די פערד האָבן אים ליב.

אַלע פרימאָרגן שוועבט דער יונג אַוועק אויף אַן אָנגעזאָטלטער איינגעצוימטער בראָנקאָ איבער טאָל און בערג, צונויפצוזאַמלען די פערד פון הער גאָלדענבאַרגס ווייטע ראַנדזשן.

פריער טרייבט ער זיי צוזאַמען אין אַ גרויסן רינג ערגעץ אויפן פעלד. און אַז ער האָט זיי שוין אַלע אויף אַ פּלאַץ, הויבט ער זיי אָן אַרומקרייזן מיט זיין „רייטערל", פון אָנפאַנג גרינג, פּאַמעלעך און נאָכדעם שנעלער און שטאַרקער.

די צוזאַמענגעטריבענע ווילדע פערד פאַנגען אָן נאָכטאָן דער אָנגעזאָטלטער בראָנקאָ. פריער איינס, דערנאָך — אַ צווייטס און אַ דריטס.

און אַזוי ביז אַלע פערד נעמען זיך דרייען איינער הינטערן אַנדערן. און ווען דער יונג טוט אַ קוק, אַז אַלע פערדלעך דרייען זיך אין אַ קרייז, גיט ער אַ צייכן צו זיין „רייטערל" און עס טוט מיט אים אַ שפּרונג און אַ פלי אין פאָרויס און אַלע פערדלעך נעמען זיך נאָכיאָגן. צו צוויי, צו דריי אין אַ ריי. אָדער זיי ציען זיך אויס איינציקווייז און לויפן נאָך אין אַ לאַנגער קייט דעם יונג און זיין „רייטערל".

אַזוי קומט מען אָן צום טייכל. דער פערד־יונג פאָרט אַריין אין שטילן טייכל דער ערשטער. אַלע פערד טוען אים נאָך, און דאָס טייכל צעקלאַפּט זיך אויף ווייסינקע שטיקעלעך. יעדן פערד קומט אָן אַ כיילעק. און דאָן שוועבט מען אַוועק מיט דעם הויכן איינגעשניטענעם ברעג און פון דאָרט לויפט דאָס שמאָלינקע שטעגל צום „קאָרעל".

און אַלע מאָל, ווען ער פירט זיי אַרויס פון טייכל און ער קוקט זיך אום און זעט, אַז קיין איין פערדל איז ניט פאַרבליבן אין וואַסער,

רייסט זיך ביים פערד־יונג פון ברוסט אַרויס אַ צופרידענער: „האָו־אָו־הואָך!"

און אַז מען קומט צום טויער פון דער הויכער און בדייטער „קאַרעל" שטעלט זיך דער יונג מיט זיין „רייטערל" אַוועק ביי איין זייט פון טויער און ער ציילט די פערד, וואָס ציען אין טויער אַריין.

גייט דער לעצטער דורך אין טויער, שפּרינגט דער פערד־יונג שנעל אַראָפּ פון זיין זאָטל און פאַרמאַכט דאָס שווערע טויער.

אַלע פערד פון אינעווייניק קוקן אים אָן.

דער פערד־יונג פאַרשווינדט איבערן בערגל צו דער שטאַל.

# ליד פון שוואַרצן שיכפּוצער

## ● מוישע שיפּרים

שוואַרץ איז מיין הויט.
נאָך שוואַרצער מיין נויט.
נישטאָ קיין פרייד.
מיין היים אַ נישטיקע נאָרע,
אויף יעדן בוים איינגעשניטן אין קאָרע —
אַ שטריק איז גרייט.

— פּוץ גיכער, נעגער, גיך!
זאָלן גלאַנצן די שיך.
— יעס, סער.
— אַ וואָרט ניט מער!
— יעס, סער.

ביי רייכע טירן שטייט מיין טאַטע געבויגן
גאַנצע טעג, די מאַמע אויף דילן אויסגעצויגן —
פאַרן ביסן ברויט.
ווייסער באַלעבאָס גייט פאַרביי מיט שפּאָט
אונדז, וואָס „לעבן מיט זיין גנאָד",
וואַשן זיין קויט.

— היי, נעגער, אַ ביסל שנעלער!
זאָל גלאַנצן העלער.
— יעס, סער.
— אַ וואָרט ניט מער!
— יעס, סער.

אין דאָרעם אויף הייסע באַוול-פעלדער,
אין אַפריקע אין זומפּיקע וועלדער —
אַרבעט נעגער.
ווייסע באַראָנען זאַמלען פעסער מיט גליק
און צירן די גאַסן מיט נעגערס אויף שטריק —
הענג, הענג, נעגער!

— פוץ גיך, נעגער, גיך!
זאָלן גלאַנצן די שיך.
— יעס, סער.
— אַ וואָרט ניט מער!
— יעס, סער.

אונטער אונדזערע הימלען —
פייערדיקע צלאָמים און ווייסע קיטלען —
ציטער, ציטער, נעגער!
אַ בראַנד, אַ קויל און אַ שטריק
און אַ הימל פול מיט גליק —
אַרבעט, אַרבעט, נעגער!

— היי, נעגער, אַ ביסל שנעלער!
זאָל גלאַנצן העלער.
— יעס, סער.
— אַ וואָרט ניט מער!
— יעס, סער.

# די איליקעס און די שמיליקעס

● א. קיפּניס

1.

אַמאָל האָבן געלעבט אין אַ שטאָט, אין אַן אַלטער, צוויי ברידער. איינער האָט געהייסן איליע און דער צווייטער — שמיליע. איליע האָט געהאַט זיין מיט טעכטער, און שמיליע האָט געהאַט זין מיט טעכטער. טרעפט זיך אַ מייסע, אַז די ברידער באַקומען אַ גרויסע ירושה פון געלט און אַנדערע זאַכן. האָבן די ברידער צעטיילט צווישן זיך די ירושה אויף צוויי גלייכע כאַלאַקים. קלערט צו זיך איליע:

— וואָס זאָל איך טאָן מיט אַזויפיל געלט?

און שמיליע קלערט:

— געלט איז טאַקע געלט, אָבער איך וואָלט וועלן, ס׳זאָל מיר צוקומען מער און מער.

גייט שמיליע אויפן מאַרק האַנדלען, און איליע גייט זיך אין מיל אַריין טוואָוע מאָלן. קומט אָן אַנטקעגן עפּעס אַן אַלטינקער מיט אַ טאָרבע אויף די פּלייצעס, און ער רופט זיך אָן צו די ברידער:

— טוט נאָר אַ קוק, סאַראַ האָן ס׳שטייט!

מאַכט איליע:

— אַ וואוילער פויגל, ער וועקט דעם מענטשן אַלע גאַנץ פרי צו דער אַרבעט.

און שמיליע זאָגט:

— יאָ, אַ וואוילער פויגל, מען קען אים קוילן און אַ גוטע יויך פון אים אָפּקאָכן.

זאָגט דער אַלטינקער:

— גייט אייך אייער וועג.

זיינען זיי אַוועק.

זיינען זיי געקומען צום ברעג יאַם. שטייט אַ שיף, וואָס פאָרט אין עק וועלט אַריין גאָלד און דימענטן קריגן. פאַרקלערט זיך שמיליע — ער וועט זיך אַוועקלאָזן אין דער ווייטער נעסיע, זיך אָננעמען מיט אַ סאַך גוטס. און ער איז אַראָפּ צו דער שיף.

## 2.

איליע האָט דערזען אַז האָלצהעקער גייען, זאָגט ער:
— איר וועט מיך צונעמען אין כעוורע?
— מיר'ן צונעמען.

איז ער אַוועק מיט זיי דערוווייל האַקן האָלץ. געהאַקט אַ טאָג, געהאַקט צוויי, נאָך דעם קלערט זיך איליע און רופט זיך אָן צו דער כעוורע:

— וואָס וואָלט זיין — זאָגט ער — שוטפים, ווען מיר קויפן אין איינעם איין ערגעץ אַ שטיק ערד?

— וואָלטן מיר געאַקערט — זאָגן די העקערס.

איז אַוועק איליע און איינגעקויפט פאַר זיין געלט אַ גרויס שטיק ערד און גענומען מיט דער כעוורע האָלצהעקער די ערד באַאַרבעטן. טוט מען פלייסיק, וואַקסט ביי זיי גוט. וואָס אַ יאָר ווייטער, אַלץ מער געראָט ביי זיי דאָס פעלד. האָבן זיי זיך צוגעקויפט נאָך אַ מאָל אַזוי פיל ערד און פאַרפירט די עמעסע פאַרם מיט פערד און מיט וואָגנס, מיט שפייכלערס, מיט שטאַלן, מיט שאָף און מיט רינדער. און אַ מיל האָט מען זיך אויסגעבויט אַן אייגענע. ס'איז אַוועק אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן שוין געהאַט אַן אייגענעם שניידער און אייגענעם שוסטער, אַן אייגענעם שמיד — אויף באַנייען, באַשוכן דעם אוילעם און אויף געצייג פאַררוכטן.

אַזוי האָבן זיי געאַרבעט און געאַרבעט, ביז די קינדער זיינען אונטערגעוואַקסן; איז איינער אַוועק פאַר אַ קלעזמער, איינער פאַר אַ זייגערמאַכער. און די איבעריקע זיינען געבליבן פויערים און געהאָלפן די ערד באַאַרבעטן.

## 3.

שמיליען האָט זיך אויך געלעבט נישט שלעכט. ער האָט זיך גערעכנט פאַרן גרעסטן גוויר אין שטאָט.

האָט ער זיך אויסגעפוצט אַ שיינע שטוב, די דילן מיט טעפּיכער אויסגעשפּרייט, די פענצטער מיט פאָרהאַנגען באַהאָנגען; ער האָט אָנגעדונגען אַ סאַך דינער מיט דינסטן און רייכע טישן געשפּרייט פאַר זיך און פאַר געסט. ער איז ביי זיך גרויס געוואָרן.

איין מאָל איז אים אויסגעקומען געבן אַ מאָלצייט פֿאַר רייכע געסט. אַלע האָבן זיך געלאָזט וואוילגיין, און שמיליע אַליין אויך. אַז ער איז שוין געווען אונטער דער קויסע, רופֿט ער זיך אָן:

— זאָלט איר וויסן, מיינע קינדער וועלן נישט זיין קיין פּויערים, קיין באַלמעלאָכעס, פּריצים וועלן זיי זיין!

איז טאַקע אַזוי געווען — איין זון איז אַרומגעגאַנגען ליידיק און גאָרנישט ניט געטאָן, דער צווייטער זון איז אַרומגעגאַנגען ליידיק און גאָרנישט ניט געטאָן; און אַלע יינגערע קינדער זיינען אויך אַרומגעגאַנגען ליידיק און גאָרנישט ניט געטאָן. פֿאַרקערט, מ'האָט נאָך יעדן צו צוויי דינער צוגעשטעלט.

## 4.

די יאָרן גייען דערוויל. איליע האָט כאַסענע געמאַכט קינדער, און שמיליע האָט כאַסענע געמאַכט קינדער. איליע אויף זיין אויפֿן, און שמיליע אויף זיין אויפֿן. די מישפּאָכעס זיינען געוואָרן פֿאַרגרעסערט.

מאַכט זיך איין מאָל אַ טאָג, ווען שמיליע האָט זיך אויסגעקליבן אין אַ וויטער נעסיע. נעמט דער אוילעם טראָגן צו אים געלט אויף איינלייגן, אייגענע איז אויך געווען נישט ווינציק. פֿאַרנייט מען דאָס געלט אין זעק, און שמיליע זאָגט אָן דעם שיפֿסקאַפּיטאַן, אַז ער זאָל לאָזן די שיף פֿריי, און זאָל זי זיך גיין, וואו דער ווינט וועט זי קירעווען.

פֿאָרט מען אַזוי און מע פֿאָרט.

אין איינעם אַ בייטאָג, די מאַטראָסן ליגן אויפֿן דאַך מיט די בייכער צום הימל און ציען זיך. שמיליע שטייט און קוקט זיך אַראָפּ אין יאַם גלאַט אַזוי, און פּלוצים באַמערקט מען, אַז דער יאַם טוט עפּעס אַ גלאַנץ מיט אַן אייגעלע ווי אַ פֿרומע קאַץ, עפּעס נישט בייז און נישט גוט. פּלוצים טוט ער אַ קנייטש די פּעל אויף זיך און אַ צי־אָן די גריווע. ווערט דעם אוילעם אַ ביסל אַ מוירע אויפֿן האַרצן. די שיפֿסלייט קוקן אויפֿן הימל. וואָס דער הימל ווערט טונקעלער, ווערן זיי בייזער, און די שיף טראָגט זיך שנעלער און שנעלער אַזוי, ווי רוכעס וואָלטן זי געשטופּט.

לויפֿט אָן אַ כוואַליע און טוט אַ שטופּ די שיף אויף קאַטאַוועס. לויפֿט אָן די צווייטע, זעצט זיך אונטער און וויל אַ שפּרונג טאָן אַריבער.

די שיף וויגט זיך און וויגט זיך, און דער יאַם איז אויפגעטריבן און בייז. וויל שמיליע פרעגן, פאַרוואָס קומט עס אים — צענעמט ער די הענט און קאָן קיין וואָרט נישט אַרויסברענגען פון מויל. אַזוי איז ער צעשראָקן, און די מאַטראָסן זיינען אויך נישט רואיק; שווייגן זיי אויך. דער הימל קרימט זיך און דער יאַם בייזערט זיך, שיסט אוים איין כוואַליע און הייבט אויף די שיף. שיסט אויס די צווייטע כוואַליע און כאַפּט זי אונטער. אַזוי האָט זיך געשפּילט דער יאַם מיט דער שיף, ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז. ביז צו נאַכט צו האָט די שיף גענומען פּלאַצן. שמיליע האָט שוין נישט געהערט, וואָס מיט אים טוט זיך. ער איז ערגעץ געלעגן אין אַ ווינקל אַ פאַרטומלטער שוין די ווייפלטע שאָ. — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## .5

אַז שמיליע האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען אין דער פרי. דער יאַם האָט געגלאַנצט אַנטקעגן דער זון. שמיליע האָט זיך דערזען ליגן לעבן ברעג אויף אַ ברעט. האָט ער גענומען שמייכלען קעגן הימל, ווי אַ קליין ייִנגל, וואויל און אומשולדיק.

דאָס גאַנצע גוטס — אי אייגנס, אי פרעמדס — איז געגאַנגען צום גרונט. אָרט אים נישט, אַבי מיטן לעבן. די מאַטראָסן אָן דער שיף, און שמיליע אָן דעם גוטס, אָרעם און הויל, אַזוי ווי די מאַמע האָט זיי געהאַט. זיינען זיי אַוועק צו אַ יישעוו בעטן ערגעץ אָפּעסן.

אין דער היים וואַרט מען און מע וואַרט אויף שמיליען. אַנדערע זאָגן — ער האָט זיך פאַרהאַנדלט, אַנדערע זאָגן — ער איז ווייט פאַר־פאָרן. די הויצאָע אין הויף איז גרויס, באָרגט מען, מע טראָגט נאָך אַריין אין הויף אַריין — אַז שמיליע וועט קומען, וועט ער באַצאָלן דאָס געלט מיט גוטע מאַטאָנעס יעדן איינעם פאַר צוגאָב.

קינדער וואַקסן אונטער אין הויף, געבוירענע קומען צו. דינגט מען צו דינסטן. שפּילערס שפּילן, זינגערס זינגען, און הינט זיינען דאָ אָן אַ שיר, אַז קיין אָרעמע לייט און קיין שנאָרערס זאָלן אין הויף נישט אַריין.

דאָ וויסן זיי נישט פון שמיליען, און דאָרט ווייסט נישט שמיליע פון זיי. שמיליע ליאַפּעט אום צו פוס פון שטאָט צו שטאָט, פון דאָרף צו דאָרף. די קליידער האָבן זיך אויף אים אָבגעניצט. אַז אים קומט

אוים דורכגיין פאַרביי אַ טייכל, וואַשט ער אוים דאָס העמד, טריקנט עס אוים און טוט איבער. אַזוי זײנען געגאַנגען כאַדאָשים און יאָרן. שמיליע האָט אַפילע פאַרגעסן די צייט ציילן. וואָס וועט עס אים דען העלפן? איין מאָל גייט שמיליע זיין וועג און באַגעגנט דעם אַמאָליקן אַלטינקן אַנטקעגן. דער אַלטינקער פירט אַ פערד ביים צוים.

— אָ — זאָגט שמיליע — ווען איך פאַרמאָג אַזאַ פערד...

— טאָ וואָס וואָלט געווען?

— וואָלט איך גיכער צו מיין היים פאַרפאָרן.

— נעם דיר עס — זאָגט דער אַלטער — מיסטאָמע וועט מיינס אויף דיר נישט פאַרפאַלן ווערן.

האָט זיך אויפגעזעצט שמיליע אויפן פערד און איז אַוועקגעפאָרן.

פאָרט ער און פאָרט. גרינען פעלדער אויפן וועג, פרעגט שמיליע:

— וועמעס פעלדער זיינען עס?

זאָגט מען אים:

— דאָס האָבן די איליקעס פאַרזייט.

פאָרט ער ווייטער — פאַשען זיך טשערעדעס גרויסע פון שאָף און רינדער.

— ווער האָט עס דאָ אַזעלכע שיינע פי צעפירט?

זאָגט מען אים:

— די איליקעס. זיי האָבן פערד נאָך שענערע און געזינטערע.

פאָרט ער ווייטער. שטייט אַ שטוב אַ שיינע אויסגעבויט, וואָס טיילט זיך אוים פון אַלע הייזער. אַרום שטוב שפּילן זיך קינדער. אַלע באָרוועסע, אין לייוונט אָנגעטאָן און מיט שטרויענע היטלען אויף די קעפּ. שטעלט ער זיך אָפּ, שמיליע:

— וועמעס זייט איר, קינדער?

— פון איליקס קאָלאָניע.

— און וואָס פאַר אַ הויז איז דאָס?

— אונדזער שול, וואו מיר לערנען זיך.

איז געוואָרן שמיליע זייער פריילעך, וואָס ער זעט אַזויפיל גוטס. ווי אַזוי ער הייסט, האָט ער געדענקט און נישט געדענקט. פאָרט ער ווייטער. שטייען הייזלעך אָנגעבויטע מיט נייע שטרויענע דעכער. פרעגט ער: — ווער וואוינט דאָ?

זאָגט מען אים: — די איליקעס.

גייט ער אַריין אין אַ שטוב.

— שאָלעם־אַלייכעם.

— אַלייכעם־שאָלעם.

— מע בעט עסן.

— עסט געזונט.

— אָבער ניין — זאָגן די שטוב־לייט — פון אונדז גייט קיינער נישט אַוועק נישט געגעסן; וואַשט זיך איין און עסט מיט אונדז.

הונגעריק איז ער געווען, האָט ער זיך געוואַשן און זיך געזעצט עסן. נאָכן עסן האָבן זיי אים אויסגעבעט אין היי אַ געלעגער, דאָס פערד מיט אַלע פערד אויף דער פאַשע אַוועקגעפירט. האָט ער איבער־געגעכטיקט. אויף מאָרגן האָט מען אָנבייסן געגעסן. די אילִיקעס האָבן זיך אויף דער אַרבעט אַלע אויסגעשאָטן, און דער גאַסט האָט זיך אויפן פערד אויפגעזעצט, באַדאַנקט און אַוועקגעפאָרן. נישט ווייט האָט זיך אָנגעזען שוין די שטאָט. הינטער דער שטאָט גייען מענטשן שיין אָנגעטאָן און שפּאַצירן. גיט זיי שמיליע אָפּ אַ גוט־מאָרגן, ענטפערן זיי נישט. פרעגט ער:

— ווער זיינען זיי דאָס?

זאָגט מען אים:

— די שמיליקעס פון הויף.

פאָרט ער אַריין אין שטאָט. שטייט זיין מויער אַ פאַרפוצטער, נאָר אָן קיין שום פריילעכקייט. פאָרט ער אָן נעענטער און הערט, ווי קלעזמער שפּילן אינעווייניק דאַרטן, און זינגערס זינגען. וויל ער אַריינגיין, שטייט אַ דינער פאַרן טויער, וואָס ער אַליין האָט נאָך אויסגעבויט. דערקענט ער דעם דינער, וואָס ער האָט געדונגען, אָבער ער מאַכט זיך נישט וויסנדיק.

— רופט מיר אַרויס — זאָגט ער — די באַלעבאַטים.

— דער באַלעבאָס איז נישטאָ. ער איז אַוועק אין אַ ווייטער מעדינע האַנדלען און זיך נאָך נישט אומגעקערט.

— אָ, דאָס איז דאָך עס טאַקע — זאָגט שמיליע — טאָ לאָזט מיך אַריין, איך האָב פונעם באַלעבאָס אַ גרוס.

דערהערט אַ גרוס פון דעם באַלעבאָס, איז דאָס גאַנצע הויז אויפ־געציטערט געוואָרן. מע האָט אים גיכער אַריינגענומען אין אַ באַ־זונדער צימער און אים גענומען אויספרעגן. אויף די רייד איז אַריינ־

געגאַנגען די אַלטע מוטער, שמיליעס ווייב. ווען זי האָט דערזען שמיליען, האָט זי אים גלייך דערקענט.

— שמיליע! — האָט זי אויסגעשריען, און זי איז געפאַלן אין כאַלאָשעס.

אַז די קינדער האָבן דערהערט אַזאַ מייסע, זיינען זיי פאַרציטערט געוואָרן. זיי האָבן געמיינט, אַז געוויס האָט ער זיך אומיסטן פאַר־שטעלט, דער פאָטער, קעדיי צו זען, ווי זיי פירן זיך דאָ. האָבן זיי גענומען אים איבערבעטן, די זין מיט די איידעמס פון זייער זייט, און די שנירן מיט די טעכטער פון זייער זייט.

דערהערט די שטאָט, אַז שמיליע איז דאָ, האָבן זיך די באַל־כּויוועס אַ לאָז געטאָן מיט אַן אימפּעט אַ קוק טאָן, וואָס הערט זיך מיט זייער גוטס. מאַכט שמיליע צו די באַל־כּויוועס און רופט זיך צו זיי אַזוי אָן:

— זייט וויסן, אַז מיין גוטס איז צום גרונט אַראָפּ און דערביי נאָך פרעמדס אויך. גוט, וואָס איך בין אַליין געבליבן. איצט נאָט אייך מיינע טייערע קיילים פון שטוב, נאָט אייך די אויסגענייטע טיכער און טעפּיכער. פאַרקויפט און נעמט אָפּ אייערע כויוועס: וועט קלעקן — איז גוט, און אויב נישט — וועט די שטוב אויסצאָלן די רעשט.

דערהערן די זין און די טעכטער, האָבן זיי זיך אין די ווינקעלעך צערוקט פאַר כאַרפּע.

— טאָ וואָס וועלן מיר טאָן, טאַטע? — פרעגט דער עלטסטער זון.

— מיר'ן האָלץ האַקן.

— וואָס וועלן מיר טאָן? — פרעגט דער צווייטער זון.

— מיר'ן באַקן ברויט.

זיך צעצאָלט פון די כויוועס, האָט שמיליע צונויפגערופן די קינדער און די אייניקלעך און האָט זיי געזאָגט:

— גוט, קינדער, וואָס דאָס גוטס איז צום גרונט געגאַנגען. ווען נישט, וואָלטן מיר אַזוי פיל הינט צעפירט, אַז מען וואָלט איבער דער גאַס נישט געקענט דורכגיין. געזונט אייך! אויסגעוואַקסן זייט איר, זוכט אייך אייער וועג.

ער האָט זיך צעזעגנט מיט די קינדער, און ער איז אַוועק מיט

דער באָבען צו די איליקעס אין קאָלאָניע. איליע האָט זיי פּאָר גרויסע געסט צוגענומען. און אַזוי האָבן די ברידער בעשאָלעם אויסגעלעבט זייערע יאָרן.

די שטאָט איז נאָך היינט אויך דאָ. זי איז שוין אַן אַלטע זייער. אייניקלעך זיינען שוין זיידעס געוואָרן, און אויף זיידעס זיינען ביימער אויסגעוואַקסן.

די שמיליקעס האָבן זיך איבער דער וועלט צעזייט און זיינען אַזוי פאַרגעסן געוואָרן.

און די איליקעס האָבן קאָלאָניעס, האָבן סעדער און גערטנער. פּויערים עלטערן זיך געזונט און שטאַרק, ווי די אַלטע דעמבעס, און ווען־נישט־ווען דערציילט אַן אַלטער זיידע די אייניקלעך פון די איליקעס מיט די שמיליקעס.

# בעני דער פּרעסער

● ל. פיינבערג

אַ פערטל יאָרהונדערט האָט בעני דער פּרעסער
געפּראַצעוועט, געוואַרט אויף אַ לעבן אַ בעסערס.
אַ פערטל יאָרהונדערט אין באָסישן שאַפּ —
אַ לאַנגער, אַ בלוטיקער, שווערער עטאַפּ.

צוועלף שאָ אין מעסלעס — און דאַרף מען, איז העכער —
און ס׳האָט אים די פּראַצע די לונגען צעלעכערט.
און ס׳האָט אויסגעזויגן די ווייסע פּלאָג
דעם מאַרך פון זיין רוקן, פון ביינער דעם סאָק.

איצט ליגט ער אַ בלייכער, מיט אויגן, ווי פעסער,
אַ שאָטן, אַן אָפּדוכט פון בעני דעם פּרעסער.
און ס׳אַקשנט זיך לעבן אַנאָף בלאַסן געזיכט
און מיניעט און צאַנקט, ווי אַ ביילעוון ליכט.

# אַ ליד פון אַן אָרעמען פּויער

● מאַני לייב

מיין פערד שלעפּט מיין אַקער
און בלייבט פאַרמאַטערט שטיין;
מיין פעלד איז פול מיט דערנער —
דאָס פערדל וויל ניט גיין.

איך שטופּ דעם אַקער אונטער,
פון פּאָנעם רינט דער שוויס:
וויאָ, פערדל, שלעפּ דעם אַקער!
מיין פעלד איז דאָך ניט גרויס!

נאָר גרויס איז ביידנס אומגליק
און גרויס איז ביידנס נויט,
דאָך וועט דאָס פעלד אונדז געבן
פאַר דיר און מיר דאָס ברויט.

וויאָ, פערדל, שלעפּ דעם אַקער!
מיין פעלד איז דאָך ניט גרויס!
איך שטופּ דעם אַקער אונטער,
פון פּאָנעם רינט דער שוויס.



דער האָלץ-פירער — י. אַרמין

# צום נייעם לעבן



## וואַכט אויף!

● ד. עדלשטאַט

ווי לאַנג, אָ, ווי לאַנג וועט איר בלייבן נאָך שקלאַפן
און טראָגן די שענדלעכע קייט?
ווי לאַנג וועט איר גלענצנדע רייכטימער שאַפן
פאַר דעם, וואָס באַרויבט אייער ברויט?

ווי לאַנג וועט איר שטיין אייער רוקן געבויגן,
דערנידעריקט, היימלאָז, פאַרשמאַכט?
עס טאָגט שוין, וואַכט אויף, עפנט די אויגן!
דערפילט אייער אייזערנע מאַכט!

קייטן און טראָגנען, אָ, אַלץ מוז פאַלן,
אונטער דעם אַרבעטערס שווערד!
מיט דופטיקע בלומען, מיט גאָלדענע שטראַלן
וועט פרייהייט באַצירן די ערד!

# עפּשער דו, הערי סימס?

## ● כאַווער־פֿאַווער

### 1.

. . . און ס'איז געווען מיט יאָרן צוריק. אָן אַ היטל, אין אַ לעדערנעם רעקל, מיט אַ פּאָר ביכלעך אונטערן אָרעם, איז ער געפֿלויגן אין דער יידישער אַרבעטער־שול.

פֿליט ער אויף רעדלעך, הערי סימס, און זיין פּאָנעם איז אים פֿאַרפֿלאַמט. פֿאַר אַלע הייזער און אויף די טרעפּ שפּילן זיך קינדער.

ער שוועבט פֿאַרביי ווי אַ ווינט. ער איז אַ שנעלער און אַ פֿלינ־קער. ס'לויפֿן אים נאָך אַלע הייזער, ס'לויפֿן אים נאָך אַלע טרעפּ.

ער איז אַריינגעפֿאָרן מיט די רעדלעך גלייך אין קלאַס אַריין. דעם לערערס פּאָנעם האָט זיך פֿאַרוואָלקנט. אָבער ער איז אַ ווילדער הערי און קען שוין ניט איינהאַלטן זיין ווילדקייט. ער זעצט זיך אויף דער באַנק מיט אַ טראַסק, צעלייגט זיינע פֿיס אין דורכגאַנג און קינדער שלאָגן זיך אָן און פֿאַלן.

האָט ער אַ שנעל געטאָן פֿענין אין אויער, האָט זיך פֿעני צע־שריען. דעם לערערס אויגן זיינען בייז. ס'ווערט שטיל אין קלאַס.

— גיי אַרויס פֿון קלאַס, הערי סימס!

ציטערן די קני ביים יינגל און ער הויבט זיך אויף אין מיטן דער שטילקייט.

:: :: ::

ס'איז אַ גרויסער זאַל און אַ פֿינצטערער.

אין דעם זאַל מאַכט מען די שול־סימכעלעך. פֿאַראַיאָרן פֿרילינג האָט הערי דעקלאַמירט אין דעם זאַל. האָבן אים אַלע אַפּלאָדירט. זיין טאַטע און מאַמע האָבן געקוקט אויף אים, ווי אויף אַ גרויסן העלד. דער לערער האָט אים אַרומגענומען. איצטער איז דער לערער ברוגעז. רעכט אַזוי, הערי!

ס'איז שטיל דאָרט אין קלאַס און ליכטיק פֿון יענער זייט טיר. הערי זעצט זיך אַנידער אויף אַ בענקל אין פֿינצטערן זאַל. אַזאַ שטילער און גוטינקער. ס'איז שוין ניטאָ די ווילדקייט. ס'טוט אים אַזוי באַנג.

הערט ער, ווי דער לערער רעדט פון יענער זייט טיר:

. . . איר וועט שוין זיין גרויסע און שטאַרקע באָכערים און מיידלעך. איר וועט שוין עפשער פאַרגעסן אייער לערער, אָבער איך וועל ניט פאַרגעסן. און אַז עמעצער פון אייך וועט זיך אַרויסרוקן מיט זיין קלוגשאַפט און מיט זיין העלדישקייט און וועט זיין אַ קעמפער פאַר די אָרעמע און אונטערדריקטע, וועל איך זיך שטאַרק פרייען. ס׳וועט זיין דער בעסטער לוין פאַר מיין שווערער אַרבעט מיט אייך.

— אָט קוק איך זיך איין אין אייערע פּענעמער און וואונדער זיך: ווער פון אייך וועט זיין אַן איבערגעגעבענער קעמפער פאַרן אָרעמען פאָלק און זיין נאָמען וועט זיין באַקאַנט צווישן אַלע מענטשן? עפשער דו, סילוויע? עפשער דו, פּילי? עפשער דו, איציק?...

אָבער דער לערער האָט ניט געזאָגט: עפשער דו, הערי סימס? ווייל הערי סימס איז אַן אַרויסגעטריבענער.

רעדט שוין דאָס יינגל צו זיך אַליין און פרעגט זיך:

— עפשער דו, הערי סימס?

— יאָ, עפשער איך — ענטפערט ער זיך אַליין.

:: :: ::

ס׳האָט זיך אָן עפן געטאָן די טיר מיט אַ מאָל. די ליכטיקייט האָט געגעבן אַ פלאַץ אַרויס. דער לערער נעמט אַרום דעם יינגל און מאַכט:

— נו, שוין, שוין, זיי אַ גוטער.

זיצט ער שוין אין קלאַס און דער לערער פאַרענטפערט הערין פאַר אַלע קינדער:

— ער איז שטענדיק אַ גוטער שילער, הערי, אָבער היינט איז ער אַ ביסל ווילד געוואָרן.

## 2.

ס׳יאָגט זיך די באַן, זי לויפט פון ניו יאָרק. יאָגט זיך אויך מיט דער באַן הערי סימס גלייך צו די קוילן-גרעבער, די סטרייקערס.

יאָגט די באַן אַ טאָג מיט אַ נאַכט, און נאָך אַ טאָג מיט אַ נאַכט.

געטראַכט האָט אַ סאַך הערי סימס, וועגן אַלעמען און וועגן זיך, און וועגן דעם שטאַט קענטאָקי, צו וועלכן ער פאָרט מיט אַ פייערדיקן

גרוס פון די אַרבעטער פון ניו יאָרק צו די סטרייקער, די קוילן־גרעבער.

:: :: ::

ווייסטע נויט. קינדער מיט אויסגעקראַכענע האָר אויף די קעפּ פון הונגער. מאַמעס געבויגן צו דער ערד. מענער מיט אויסגעהאָרעוועטע אייוועריס.

וואו־זשע איז הערי סימס?

הערי סימס האָט זיך פאַרבאַהאַלטן אין וואַלד מיט אַ קאָמיטע פון סטרייקער. מען אַרבעט אויס פּלענער, ווי אַזוי אָנצופירן מיט דער פּיקעט־ליניע, וואָס איז צעבראָכן געוואָרן פון שעריף מיט זיינע כוליגאַנעס.

וואו־זשע איז הערי סימס?

דער שעריף מיט אַ געלאָדענער ביקס, די כוליגאַנעס מיט געלאָדענע רעוואָלווערן.

וואו־זשע איז הערי סימס?

אומעטום איז ער דאָ, אָבער ניט פאַרן שעריף און ניט פאַר די כוליגאַנעס.

:: :: ::

אַ שלאַכטפעלד קענטאָקי. איז דאָ עפּעס נייעס פון שלאַכט־פעלד? איז עפּעס דאָ נייעס וועגן זייער זון, הערי סימס? שווייגן די צייטונגען וועגן אים, דערציילן גאָרניט. זיי דערציילן נאָר, אַז מען האָט די סטרייקער, די קוילן־גרעבער, אַרויסגעוואָרפן פון זייערע הייזער, אַז זיי האָבן אויפגעשטעלט ביידלעך אין וואַלד און דאָרט שלאָפן זיי מיט זייערע מישפּאָכעס, אַז הילף איז נויטיק, אַז מען דאַרף שיקן הילף, ווייל די קענטאָקער אַרבעטער קומען אום.

וואו־זשע איז הערי סימס?

אָט גייט ער פון וואַלד מיט אַ פּאָר קוילן־גרעבער. אויף די אייזנבאַן־ליניעס גייען זיי מוטיקע און שטאַרקע.

ס'איז פאַרטאָג, באַלד וועט זיך אָנהייבן די פּיקעט־ליניע. זיי וואַרטן דאָרט לעבן די ביידלעך די קוילן־גרעבער, די סטרייקער, מיט זייערע ווייבער און קינדער.

— ש־ש־ש... טרייבט פאָרזיכטיק דעם אויטאָמאָביל, באַהאַלט די רעוואָלווערן און קוקט ניט אין פענצטער, ווייל ער וועט אייך דערזען.

— ש־ש־ש... אויף דעם וועג פאָר, אָט אַזוי. נעענטער, נעענטער. גלייך זיך אוים מיט זיי. אָט אַזוי...

— הערי סימס! — שרייט דער שעריף — הערי סימס, דו פאַר־דאַמטער, ווערסט זיך מישן, ניט אין דיינע געשעפטן ווערסט זיך מישן? נאָ; נאָ!

און ס׳הילכט אָפּ איין שאָס, און ס׳הילכט אָפּ אַ צווייטער, און ס׳ווערט אונטערגעשניטן דאָס לעבן פון הערי סימס, און ער פאַלט צו די באַן־רעלסן.

:: :: ::

ביי דעם לערער פון דער יידישער אַרבעטער קינדער־שול ציטערן די הענט. ער קלאַפּט אַריין מיטן האַמער דאָס בילד פון הערי סימס אויף דער וואַנט.

זיצן קינדער אין קלאַס. נייע קינדער. אַנדערע בענים, ווילים, סילוויעס און איציקס. קוקן צום לערער מיטן פאַרטרויערטן פּאָנעם, קוקן צו הערי סימס, וואָס לאַכט צו זיי אַראָפּ פון דער וואַנט. אַ מונטערער, אַ לעבעדיקער.

# ליכטיקער מאָרגן

## ● נאָכעם וויסמאַן

ליכטיקער מאָרגן מיט זוניקע טעג —
מיר הערן דיין אָנקום פון ווייטן:
מיר ווייסן, דו שיינסט שוין אויף ערגעץ אַ וועג —
אַ וועג צו אַ מאָרגן — באַנייטן...

ס׳קאָן מער ניט וועלט שוין דערטראָגן די קייט!
מיר ווילן ניט וואַרטן געגאַרטע!
ס׳בליען שוין ערגעץ די בלומען אין בייט
און קנאָספּן זיך עפענען, צאַרטע...

אָ, ליכטיקער מאָרגן מיט זוניקע טעג,
מיר הערן דיין אָנקום פון ווייטן:
איז שיקן מיר איצט דיר אַ גרוס אין דיין וועג —
אַ גרוס צו אַ מאָרגן — באַנייטן!...



# ווען ס'האָט דער בעז צום לעצטן מאָל פאַר מיין טיר געבליט

(אויף פרעזידענט לינקאָלנס קייווער)

## ● וואָלט וויטמאַן

ווען ס'האָט דער בעז צום לעצטן מאָל פאַר מיין טיר געבליט —
און ס'איז פון מיירעוודיקן הימל דער גרויסער שטערן אין פריער
נאַכט געפאַלן —
האָב איך געטרויערט — און וועל נאָך מיט דעם שטענדיק
צוריקקומענדיקן פרילינג טרויערן.
אָ, אייביק צוריקקומענדיקער פרילינג! דו ברענגסט אַ דריילינג מיר:
יערלעך בליענדיקן בעז, דעם פאַלנדיקן שטערן אין מיירעוו
און דעם געדאַנק פון אים, וועמען איך האָב ליב.

[יידיש: ל. מילער.]

# דעבס

● נ. גראָם

איר האָט אַוודאי געזען, ווי צו יעדן צוג זיינען צוגעטשעפּעט אַ פּאָר פּולמען וואַגאָנען. דאָס זיינען וואַגאָנען מיט אַ סך מער באַקוועמלעכקייטן ווי די געוויינלעכע וואַגאָנען. פאַראַן דאָרט באַזונדערע קופּייען פאַר די פּאַסאַזשירן, די זיץ־פלעצער זיינען ווי דריי־שטולן, אַזוי אַז מע קאָן זיך זעצן מיטן פּנים וואוהין איינעם איז ליב.

די אַרבעטער אויף די פּולמען־וואַגאָנען איז אָבער גאָרנישט ניט געווען אַזוי באַקוועם. זיי זיינען געווען אין דער ערגסטער לאַגע צווישן די באַן־אַרבעטער. זיי האָבן זיך אַרויסגעשלאָגן פון די קויכעס און האָבן באַקומען אַ הונגער־לוין.

מיסטער פּולמען, דער אייגנטימער פון די פּולמען־וואַגאָנען, האָט אויסגענוצט זיינע אַרבעטער ביז זייערע לעצטע קויכעס. ער האָט געפאָדערט די מערסטע אַרבעט און האָט געצאָלט דעם קלענסטן לוין. מר. פּולמען האָט זיך געהאַט זיינע וועגן ווי אויסצונוצן זיינע אַרבעטער, און נאָך צונעמען בא זיי דעם לעצטן אָרעמען לוין.

מיסטער פּולמען האָט אויפגעבויט באַראַקן, וואו זיינע אַרבעטער האָבן געמוזט וואוינען און באַצאָלן מער דירע־געלט ווי ערגעץ־אַנדערש; ער האָט געעפנט קראָמען אַלערליי, און זיינע אַרבעטער האָבן געדאַרפט קויפן וואָס זיי דאַרפן בלויז אין פּולמענס קראָמען. און דאָ האָט מען פאַר אַלץ געמוזט צאָלן העכערע פּרייזן: פאַר שפּייז און פאַר קליידער און פאַר אַלע אַנדערע זאַכן.

און די אַרבעטער, וואָס האָבן גענומען בלויז דאָס נייטיקסטע, וואָס זיי דאַרפן — האָבן געמאַכט כוווּעס און האָבן זיך פאַרשולדיקט איבערן קאָפּ. און געבן אויף באָרג האָט מען זיי דאַפקע געגעבן. וואָרים דאָס האָט די אַרבעטער פּאָשעט צוגעבונדן צו זייער מיזערנער אַרבעט און זיי האָבן נישט געטאָרט גיין זוכן קיין אַנדערע אַרבעט. אויף אַזאַ אויפן זיינען זיי געוואָרן איינגעפאַכע שקלאַפן ביי דעם מיסטער פּולמען.

אַלץ האָט אָבער אַ גרענעץ, און יעדע זאַך האָט אַ סאָף. אַז די אַרבעטער האָבן שוין מער נישט געקענט אַריבערטראָגן זייערע ביטערע צאָרעס, האָבן זיי איין שיינעם טאָג דערקלערט אַ סטרייק.

דאָס איז געווען אין יאָר 1894. טויזנטער פולמען־אַרבעטער, פון די ברעגן פון אַטלאַנטיק ביז צו די ברעגן פון פּאַציפיק, האָבן באַשלאָסן אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך די קייטן פון שקלאַפעריי און ווערן פריי.

מיסטער פולמען האָט זיך געווענדט צו גראָווער קליוולאַנד, וואָס איז דעמאָלט געווען פּרעזידענט, אַז ער זאָל שיקן מיליטער קעגן די סטרייקער. דער פּרעזידענט האָט אים צוליב געטאָן און האָט געשיקט סאָלדאַטן צו אונטערדריקן דעם סטרייק. און דעם עמעס געזאָגט — מיט דעם סטרייק האָט שוין געהאַלטן גאָר שמאָל. נאָר דאָ איז אונטערגעקומען דעבס. ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן נאָך אין דער רעכטער צייט און האָט גענומען פירן דעם סטרייק. די אַרבעטער האָט ער געהייסן זיצן אין דער היים. זאָלן די סאָלדאַטן מיט זייערע ביקסן פירן די באַנען.

זעט דער מיסטער פולמען, אַז מיט די סאָלדאַטן קאָן ער גאָרנישט ניט אויפטאָן, ווענדט ער זיך צו אַ ריכטער, ער זאָל דורכן געזעץ צווינגען די אַרבעטער צו גיין צו דער אַרבעט. דער ריכטער, וואָס האָט געהאַלטן מיט דעם מיסטער פולמען און איז מיסטאָמע געווען איינער פון די ריכטער, וואָס קויפן זייער ריכטער־שטול פאַר געלט, האָט אַרויסגעגעבן אַ פּסאַק, אַז אַלע אַרבעטער מוזן גיין צוריק צו דער אַרבעט.

דעבס האָט אָבער די אַרבעטער נישט געלאָזט צוריקגיין צו דער אַרבעט אויף די אַלטע קאָנדיציעס. זיי מעגן רואיק זיצן אין דער היים, האָט ער זיי דערקלערט, נישטאָ וואָס צו שרעקן זיך. זאָלן זיי זיך נאָר האַלטן איינִיק און אָנגיין מיטן סטרייק. קיינער וועט זיי דעמאָלט נישט קענען צווינגען צו גיין אַרבעטן.

וואָס טוט איצט דער מיסטער פולמען? טראַכט ער און טראַכט, און אַז ער זעט, אַז דאָס אַלץ איז דעבסעס קאָפּ און אַרבעט, טראַכט ער פריער ווי אָפּצוראַמען דעבסן פון וועג. ער לאָזט דעבסן אַרעסטירן פאַר ברעכן דאָס געזעץ. וואָרים דער ריכטער האָט דאָך געפּסקנט, אַז די אַרבעטער מוזן צוריקגיין צו דער אַרבעט, נאָר דעבס לאָזט זיי נישט. אַרעסטירט מען דעבסן און מע זעצט אים איין אויף זעקס כאַדאָשים.

די פולמען־אַרבעטער האָבן לעסאָף טאַקע געוואונען דעם סטרייק, דעבס איז אָבער געזעסן אין טפיסע. נאָר נישט אַליין איז דעבס דאָרטן



יודזשין וויקטאָר דעבס

געווען. מיליאָנען מענטשן זיינען געווען מיט אים. און בריוו האָט ער געקראָגן — בריוו מיט טרייסט און מיט לויטער פריינטשאַפט און האָפענונג. איין בריוו, וואָס איז געקומען נאָך איידער מע האָט אים איינגעזעצט, איז געווען אַזאַ:

ליבער דזשין:

איך הער, אַז מען וויל דיך פאַרשיקן אין טפיסע. דו וועסט דאָרטן דאַרפן האָבן אַ פריינט — לאָמיך זיין דיין פריינט.

יודזשין פילד.

דער פּאָעט פון דעם באַרימטן ליד: „ווינקי, בלינקי ענד נאַד״, האָט דאָס אים געשריבן אַזאַ בריוו.

# אויפן יאַם

יעהויאָש

דער יאַם איז שטיל,
עס גייט די שיף,
מיט שטאָלצער רו איר וועג,
און לאָזט נאָך זיך
אין גרינעם יאַם
אַ ווייסן לאַנגן פלעק...

פון ווייטן זעט
אַן אינדזל זיך,
באַדעקט מיט גרינעם וואַלד,
די לופט איז פריש,
דער הימל בלוי,
די זון זי קוויקט און שטראַלט...

עס וויגט מיין האַרץ
זיך מיטן יאַם,
אין זיסן „הין און הער“,
און אויפן דעק,
שטיי איך און קוק,
און ווער פאַרטרוימט אַלץ מער...



ביים יאַם — י. איזראַעלס

# נאַיאַ פון דזשאַנגל

● נ. גנאַסענקאָ

אין זאָאָלאָגישן גאָרטן פון דער גרויסער שטאָט זיינען היינטיקס מאָל געווען מער באַזוכער ווי אַלע מאָל. דער אוילעם האָט זיך דער־וואוסט, אַז פון אינדיע האָט מען געבראַכט אַ זעלטענע שלאַנג און אַלע האָבן זיך געשפּאַרט צום רעפּטילן־הויז.

— סאַראַ מעכטיקער קערפּער! — האָט אַ יינגל אויסגעשריען.

— דאָס איז די קאָבראַ, די גיפטיקסטע שלאַנג פון אינדיע — האָט אַן עלטערער מאַן, קאָנטיק זיין פאָטער, דערקלערט.

די קאָבראַ האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אַ קוק געטאָן דורך דער גלעזערנער וואַנט פון איר שטייג.

אַנטקעגן איר איז געשטאַנען אַ גרויסע מאַסע מענטשן. אָט די באַשעפענישן, וועלכע זי האָט אַזוי שטאַרק געהאַסט. מיט וואָס פאַר אַ כיישעק זי וואָלט זיך געוואָרפן אויף זיי, אַריינגעביסן אירע ציין אין יעדן איינעם פון אָט די־אָ...

די קאָבראַ האָט זיך אָנגעהויבן וואַרפן איבערן שטייג. אַ ווילדע בייזקייט האָט אַרומגעכאַפּט נאַיאַן און דראָענדיק האָט זי זיך אויפ־געהויבן אויף איר עק.

— וואָלט איר געהאַט די האָזע זיך צו באַגיין מיט מיר אַזוי אין דזשאַנגל ? אָ ! דאַכט זיך, קיין איינער פון אייך וואָלט ניט אַוועק אַ לעבעדיקער...

עמעצער פון אוילעם האָט צוגעדריקט זיין פּאָנעם צו דעם גלעזערנעם ווענטל פון שטייג, קעדיי בעסער צו באַטראַכטן די שלאַנג. נאַיאַס קאָעם האָט דערגרייכט די העכסטע שטופּע און מיט אַ ווילדן צישען האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אים.

דער אוילעם איז מיט שרעק אָפּגעשפּרונגען.

דער האַרטער קלאַפּ אין קאָפּ, וואָס נאַיאַ האָט באַקומען פון גלאָז, האָט זי דערמאָנט, אַז זי איז געפאַנגען און איז מאַכטלאָז. איר קאָעם האָט זיך באַלד איינגעשטילט, און אַן אָפּגעשוואַכטע האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן דיל פון דער גלעזערנער טפיסע.

די קאָבראַ איז פּלוצלונג ווי פאַרגליווערט געוואָרן. זי איז געלעגן און געטראַכט.

יאָ, נאַיאַ, די קיניגן פון אַלע דזשאַנגל-שלאַנגען האָט געטראַכט.
זינט זי איז געפאַנגען געוואָרן האָט זי זיך אויסגעלערנט צו טראַכטן.

טעג מיט נעכט איז זי געלעגן און געטראַכט פון איר אַמאָליקן פרייען לעבן אונטער די ווייכע הימלען פון איר באַליבטן דזשאַנגל.

דאָרט האָט זי געלעבט צווישן די כורוועס פונעם אַלטן אינדישן טעמפל, זיינע האַלב-צעשטערטע ווענט זיינען געווען אַרומגעפלאָכטן מיט אַלערליי קריכנדיקע פלאַנצן און ווילדע וויינטרויבן, וואָס האָבן הויך און שטאָלץ זיך געצויגן איבער דער פרעכטיקער לאַנדשאַפט פון דזשאַנגל.

ניט ווייט פון טעמפל איז געווען אַ קלאָר טייכל. דאָס וואַסער איז געלאָפן אין אַ ברייטן פאַס, אַנווייענדיק אַ מילדע קילקייט. פלעגט זי ליגן ביז די זון פלעגט מיט אירע לעצטע שטראַלן אָנקושן די שפּיצן פון די ביימער; ביז די כורוועס פונעם טעמפל פלעגן אָפּגעגאָסן ווערן מיט דער בלוט-רויטקייט פון דער פאַרגייענדיקער זון; ביז די מאַלפּעס פלעגן אויפהערן צו פּלאַפּלען.

דעמאָלט פלעגט נאַיאַ אַרויסקריכן פון טעמפל און שטיל, שטיל פויזען איבערן גראָז.

ניט דאָס ברומען פון דעם טיגער, דעם קיניג פונעם דזשאַנגל, וואָס פלעגט זיך דאַן אַרויסלאָזן אויף יאַגד, ניט דאָס געוויין פון די קלאָגנדיקע וועלף האָבן נאַיאַן געשראָקן. זי האָט זיך געהאַלטן גלייך מיטן טיגער. ווער וואָלט עס געהאַט די האָזע צו דענקען אַנדערש?

דער דערביי-שטייענדיקער אוילעם האָט דערזען ווי עס טריפט געלער גיפט פון נאַיאַס מויל און זיך מיט אַ שוידער אָפּגערוקט פון דער שטייג און איז נאָכדעם געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערט קוקנדיק פון דער וווייטנס אויף דער קאָברא.

נאַיאַ האָט זיך ווידער אָנגעהויבן באַוועגן, מאַכנדיק מיטן קאָפּ, ווי זי זאָל עמעצן וועלן אַריינשיקן איר גיפט. זי האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן און מיט אַ שטאַרקן האַס געקוקט אויף איר טפיסע.

אָ, זי ווייס ווי אַזוי זי איז אַריינגעפאַלן אַהער, זי געדענקט עס גוט.

דאָס איז געווען ערשט ניט לאַנג. זי האָט נאָך אַפילו קיין איין העמדל פון זיך ניט אַרונטערגעוואָרפן.

איין מאָל נאָך אַ זאַטן מאָלצייט פון כייעלעך איז נאַיאַ אַרויס

אויף דער זון כאַפּן אַ דרעמל, לעבן אַ גרויסן שטיין ביים סאַמע ברעג טייך.

די זון האָט זי געבריט. ווי גוט! נאַיאַ איז געווען צופרידן, גליקלעך אין יענעם טאָג אין איר ליבן דזשאַנגל.

דאָס איז געווען איר לעצטער פרייער טאָג.

עס האָט זיך פּלוצלונג דערהערט דאָס פּליעסקען פון וואַסער, און איידער זי האָט צייט געהאַט אויפצוהויבן דעם קאָפּ, האָט איר עפּעס אַ שטאַרקער קנאַק געטאָן פון אויבן. — — — — — — — — — — — —

אויפגעכאַפּט האָט זי זיך ערשט שפּעטער אין אַ פינצטער ענג און פאַרמאַכט קעסטל. אַרום האָט עפּעס געטומלט, געהודיעט, געפייפט. מען האָט זי געטראָגן, געטרייסלט. זי איז געלעגן און האָט גאָר ניט פאַרשטאַנען.

דערנאָכדעם האָט מען זי אַריינגעוואָרפן אין אָט דער פאַר־האַסטער גלעזערנער שטייג, אין טפּיסע.

ערשט דאָ האָט זי פאַרשטאַנען, אַז מער וועט זי שוין קיינמאָל ניט זען איר דזשאַנגל, איר היימלאַנד, מער וועט זי שוין קיינמאָל ניט פילן די פרייהייט . . . קיין מאָל . . . קיין מאָל...

און דאָס אַלץ האָבן געטאָן אָט די עקלהאַפטע באַצווינגער . . . זיי זיינען אָנגעפאַלן אויף איר אין שלאָף! פאַרוואָס זיינען זיי ניט געקומען צו איר בעאיים זי איז געווען וואַכעדיק?

אָ, זי וואָלט געוויזן ווי מען שטאַרבט פאַר פרייהייט...

און איצט?

זי האָט צוריק צוגעמאַכט די אויגן, זיך פאַרטראַכט. זיך ווידער אַוועקגעטראָגן אין געדאַנק אַהיים...

דער אוילעם האָט זיך אַ ביסל צערוקט. אַן אויפזעער האָט גע־בראַכט דער קאָבראַ עסן. ער האָט פאָרזיכטיק אַריינגעלאָזן אין שטייג צוויי קליינע קראָליקלעך. די אָרעמע כייעלעך האָבן זיך באַהאַלטן איינס הינטערן אַנדערן, מוירע האָבנדיק, אַז די שלאַנג זאָל זיי ניט באַמערקן.

נאַיאַ האָט די אויגן פאַרמאַכט. זי האָט מוירע געהאַט זיי צו עפענען. ניט געוואָלט זיך שיידן מיט אירע כאַלוימעס.

דער אויפזעער האָט איר גראָב אַ שטויס געטאָן מיט אַ שטעקן. נאַיאַ האָט מיט רעציכע אויפגעהויבן דעם קאָפּ. באַמערקנדיק

אירע באַוועגונגען, האָבן די קראַליקעס אָנגעהויבן ציטערן און זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל. דערזעענדיק די כייעלעך האָט זי געוואָלט זיך וואַרפן אויף זיי, זיך באַדענקט, און ניט געוואָרפן זיך; זי האָט בלויז אָנגעהויבן אַ ביסל זיך הוידען הין און צוריק און זיך אויפגעהויבן אויף איר עק.

— „זיי קענען אין ערגעץ ניט אַנטלויפן. זיי זיינען אויך אַזעלכע געפאַנגענע... היינט... מאָרגן... איבערמאָרגן... קעסיידער... אַזוי ביז אָן אַ סאָף.”

ניין! אויף דער פריי!... אַהיים!... צום דזשאַנגל!... צו זיך אַהיים... — איז שנעל דורכגעפלויגן אין נאַיאַס מויעך.

פּלוצלונג האָט דער אוילעם דערזען אַ שרעקלעך בילד און אַ שוידער איז דורכגעגאַנגען איבער אַלעמענס גלידער.

די קאָבראַ האָט זיך אויפגעהויבן אויף איר עק, זיך געוואַקלט מיט איר שלאַנקן קערפּער אַהין און צוריק, זיך געבויגן אַרויף און אַראָפּ אַלץ שנעלער און שנעלער און מיט אַמאָל זיך איינגעביסן מיט די ציין — אין זיך אַליין...

בויגנדיק זיך, דרייענדיק זיך אין שרעקלעכע קאָנוואולסיעס זיינען אירע שטאָלענע רינגען אַוועקגעפאַלן איבערן ווייסן זאַמד פון שטייג.

אירע גיפטיקע ציין האָבן אַלץ געביסן איר אייגענעם קערפּער.

ענדלעך איז זי שטיל געבליבן.

איר אויסגעלאָשענער בליק האָט זיך געגליטשט איבער די ווענטלעך פון שטייג.

די גלעזערנע ווענטלעך זיינען צעשוואומען געוואָרן און אָנשטאָט גלאָז — דאָרט פון אויבן, דער מילדער, לויכטנדיקער הימל פון איר היים... דער דזשאַנגל... דער טעמפּל...

דער אַאיר רוישט.

נאַיאַ האָט זיך אומגעקערט אַהיים...



# יעהודע האַמאַקאַבי

● אַווראָם ליעסין

איז דער אַלטער פֿירער מאַטיסיאָהו טויט,
הויבט זיין זון יעהודע אויף די פֿאָן,
וואָס דער פֿאָטער האָט אים פֿאַרן טויט פֿאַרטרויט,
און דער פֿרייהייטס־קאַמף גייט ווייטער אָן.

און ער רופֿט פֿון פֿעלדזן־שפּאַלט צו פֿעלדזן־שפּאַלט,
קעגן פֿיינט אין אָפֿן פֿעלד צו גיין;
הילכט פֿון דערנער־קוסט צו דערנער־קוסט און שאַלט,
ווי מען שווערט זיך ביזן סאָף פֿון שטיין.

ווייגען בערדיקע גיבורים אַזש פֿאַר גליק,
וואָס עס פֿאַלט אויף זייער כיילעק אויס,
ווי די אַלטע העלדן, אויפֿשטיין גרויס צוריק
פֿון דער אַלטער גרויסער ערד אַרויס.

ווי זיי גייען, קליין אין צאָל און גרויס אין ברען,
און זיי קוקן אויפֿן לאַנד אַראָפּ,
וואו עס לעבט דאָס פֿאָלק, פֿאַר וועמען נאָך מען קען
אין עקסטאַז אַוועקלייגן דעם קאָפּ,

פֿלאַקערט די באַגייסטערונג אַלץ מער,
שטורעמט אויף די שלאַכט אַלץ ברויזנדער,
און עס וואַרפֿן זיך אָן שפּייז און אָן געווער
הונדערטער אַנטקעגן טויזנטער.

און עס איז געשען! און וואָלט עס ווער געגלויבט!
פֿירט דאָס קלענסטע פֿאָלק דעם גרעסטן קריג,
און די וועלט־מאַכט פֿון אַנטיאָכעס ווערט צעשטויבט,
און יעהודע גייט פֿון זיג צו זיג.

# באַר־קאָכווע

● אַווראָם ליעסין

אָט זע איך אים אויפגיין אין כּוישעך,
ווי דער צאָרן פון פאָלק, אַזוי גרויס,
און עס גייען די פרייע און בראַווע
פאַר זיין ליכט אין דעם וועלט-קאַמף אַרויס.

און ער האַלט די געפאַלענע אונטער,
און ער צינדט די פאַרלאָשענע פאָן,
און עס שמעלצן די קייטן פון קנעכטשאַפט
און עס ציטערן צעזאַר און טראָן.

נאָכאַנאַנד דורך ניין יאָר האָט דער גיבער
זיי צוריק, ווי אַ יאַם-פעלדז, געקלאַפּט,
ביז דער שטאָל-רינג פון רוים האָט צום סאָף אים
אין פאַרהונגערטן בייסער פאַרכאַפּט.

און אָט פליט מען פון פעסטונג, ווי רוכעס,
מיט אַ שטורמיקן אימפּעט, אַרויס:
פאַרן לאַנד! פאַרן פאָלק! אויפן סוינע! —
און דער שיינענדער פירער פאָרויס.



קאַרל מאַרקס

# קאַרל מאַרקס

די לעצטע שטראַלן פון דער זון האָבן אָפּגעשטעמפּלט מיט גאָלד צוויי פאַרשטויבטע פענצטער אויף דער וואַנט פון אַ טאַבאַק־וואַרשטאַט, וואו איך האָב געאַרבעט צוזאַמען מיט נאָך אַ יונגן אַרבעטער. אויף דער וואַנט איז געהאַנגען אַ פאַרשטויבטער פּאָר־טרעט. דער יונגער אַרבעטער האָט זיך טיף פאַרקוקט אויפן פּאָרטרעט און אַ זאָג געטאָן:

— אַך, ווי מיר וואָלט זיך געוואָלט עפּעס הערן וועגן אים!

— דאָס איז געווען אַ זעלטענער מענטש — האָט זיך אָנגערופן דער אַלטער — איינער פון די זעלטנסטע מענטשן אויף דער וועלט.

— דערצייל עפּעס וועגן אים! — האָט אָנגעהויבן בעטן דער יונגער אַרבעטער.

— אויב דיר ווילט זיך יאָ אַזוי שטאַרק, טאָ הער מיט קאָפּ. מיין טאַטע איז געווען אַ שוסטער, און איך פלעג אָפט אָפּטראָגן די פּאַרטיקע שיך צו קאַרלען אין הויז אַריין. דעמאָלט האָבן מיר זיך באַקענט. קאַרל איז געווען אַ לעבעדיק קינד. מיר האָבן זיך ביידע געלערנט אין שול. קאַרל איז געווען דער בעסטער שילער. אַלע האָבן אים ליב געהאַט. ווי, ווי, וואָס פאַר אַ מייסעס ער פלעגט דאָס אונדז אָנדערציילן! היינט זיינע לידלעך, וואָס ער פלעגט שרייבן! אַלע קינדער פלעגן זיי זינגען.

איך האָב די שול ניט פאַרענדיקט, ווייל איך האָב געדאַרפט גיין אַרבעטן.

ס'איז דורך עטלעכע יאָר, און איך האָב זיך מיט אים געטראָפן אויף אַ מיטינג. קאַרל מאַרקס איז ניט געווען פון די גרויסע רעדנער. נאָר גערעדט האָט ער דייטלעך, איינפאַך און צו דער זאַך. מע האָט אים אויסגעהערט אין טיפן שווייגן.

אַז דער מיטינג האָט זיך געענדיקט, האָב איך שוין געוואָלט אַוועקגיין אַהיים. איך האָב זיך עפּעס געשעמט און עפּעס ווי מוירע געהאַט צוצוגיין צו אַזאַ גרויסן און וויכטיקן מאַן, ווי דאָקטער קאַרל מאַרקס. אָבער ער האָט מיך באַמערקט און אַ רוף געטאָן ביים נאָמען: „וואַרט נאָר צו אַ ווײַלינקע, האַנס!" און דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען און מיר דערלאַנגט ביידע הענט און גלייך מיך פאָרגעשטעלט פאַר די פירער פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג: „אָט דאָס איז מיין טייערער כאַווער, האַנס פּריטשע."

פון דעמאָלט אָן האָבן מיר אָנגעהויבן צו באַגעגענען זיך גאַנץ אָפט. שפּעטער, אַז די רעגירונג האָט די „ריינישע ציַיטונג", וואָס מאַרקס האָט רעדאַגירט, פאַרמאַכט פאַר אירע רעוואָלוציאָנערע אַרטיקלען, איז קאַרל מאַרקס אַרויסגעפאָרן פון דייטשלאַנד אין פראַנקרייך און האָט זיך באַזעצט אין פּאַריז. דאָס איז געווען אין יאָר 1843.

מיר האָבן אָנגעהויבן באַקומען די צייטונג „פאָרווערטס", פון פּאַריז, אין וועלכער קאַרל מאַרקס און אַנדערע באַוואוסטע שרייבער און רעוואָלוציאָנערן האָבן געשריבן. אינגיכן האָט אָבער די רעגירונג אויך די דאָזיקע צייטונג פאַרמאַכט. מאַרקסן מיט נאָך עטלעכע זשורנאַליסטן האָט מען פון פראַנקרייך אַרויסגעשיקט.

די מאַטעריעלע לאַגע פון קאַרל מאַרקס איז דעמאָלט געווען זייער אַ שלעכטע, נאָר קיינער פון אונדז האָט ניט געוואוסט. ער האָט ניט ליב געהאַט, מע זאָל וועגן דעם וויסן. נאָר ענגעלס, דערוויסנדיק זיך זיין אַדרעס, האָט אים אַרויסגעשיקט אַ ביסל געלט, וואָס איז גאַנץ גוט צו נוץ געקומען.

אין יאָר 1847 האָבן מיר זיך ווידער באַגעגנט, נאָר דאָס איז שוין געווען אין לאָנדאָן.

אין די אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס האָט מען אַלץ מער גערעדט וועגן דעם, אַז מען דאַרף שאַפן אַ פאַראייניקונג צווישן די אַרבעטער

פון אַלע לענדער, דאָס הייסט אַן אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל. קאַרל מאַרקס האָט געדאַרפט אויסאַרבעטן אַ פּראָגראַם פאַר דעם אינטער־נאַציאָנאַל. אין לאָנדאָן איז צונויפגערופן געוואָרן אַ קאָנגרעס, קעדיי צו באַטראַכטן די פּראָגראַם, וואָס מאַרקס האָט אויסגעאַרבעט. מיינע כאַווײרים האָבן מיך דעלעגירט צו דעם קאָנגרעס. קיינמאָל וועל איך ניט פאַרגעסן די צען טעג, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אויפן קאָנגרעס!

קאַרל מאַרקס האָט געלייענט די פּראָגראַם, וואָס איז דערנאָך אָפּגעדרוקט געוואָרן אונטערן נאָמען „דער קאָמוניסטישער מאַני־פעסט". מאַרקס איז געווען פול מיט באַגייסטערונג. מיר אַלע זיינען געזעסן, ווי פאַרקישעפטע. טרערן האָבן זיך מיר געגאָסן פון די אויגן, טרערן פון פרייד, און אַז ער האָט פאַרענדיקט די לעצטע שורע: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!" האָט אַ דונער פון אַפּלאָדיסמענטן גענומען טרייסלען די שויבן. מיר האָבן געפּאַטשט ביז מעשוגע צו ווערן. מאַרקס האָט עס ניט ליב געהאַט און פלעגט שטענדיק פילן ניט גוט, ווען מען האָט אים אָפּגעגעבן קאָווער.

דער אַלטער האַנס איז אַנטשוויגן געוואָרן. די לעצטע שטראַלן פון דער זון האָבן זיך אויסגעלאָשן און אין וואַרשטאַט איז געוואָרן טונקל. דער אַלטער האָט אָנגעצונדן ליכט און מיט אַ באַזונדערער ליבע האָט ער זיך צוגעקוקט צום קליינעם פּאָרטרעט.

— אָט דאָס בילד פון מאַרקסן איז גענומען געוואָרן ווען דער אינטערנאַציאָנאַל איז געגרינדעט געוואָרן.

די לעצטע יאָרן פלעג איך זיך זייער אָפט זען מיט מאַרקסן.

— איך מוז פאַרענדיקן מיין בוך „קאַפּיטאַל" — האָט מיר איינ־מאָל מאַרקס געזאָגט אויף אַ שפּאַציר — קיין מער וויכטיקע זאַך פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג האָב איך ניט געטאָן. און צוליב דעם אַליין ווילט זיך מיר אַזוי לעבן.

איך דאַרף דיר זאָגן, אַז די לעצטע יאָרן זיינע האָב איך אים געזען קימאַט שטענדיק אַ קראַנקן, אין בעט. און קראַנקערהייט האָט ער זיך פאַרנומען מיט שרייבן זיין „קאַפּיטאַל". אָבער דער טויט האָט איבער־געריסן זיין אַרבעט (דעם 14טן מערץ, 1883).

נאָך זיין טויט האָט זיין בעסטער כאַווער און פריינט, פרידריך ענגעלס, געבראַכט אין אָרדענונג דעם 2טן און 3טן באַנד פון זיין „קאַפּיטאַל".

מאַרקס גוטע פריינט האָבן זיך געקליבן אים צו שטעלן אַ דענק־מאָל פון בראָנדז. נאָר דאַרף דען מאַרקס אַ דענקמאָל? זיין שאַפונג איז אים דער בעסטער דענקמאָל און ביז עס וועט זיך נאָך פירן דער גרויסער קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון אַרבעטער־קלאַס, וועט שטענדיק, שטענדיק ביי יעדן אין האַרצן לעבן דער נאָמען פונעם גרויסן מענטשן און גרויסן, גרויסן כּאַוועך — קאַרל מאַרקס.

# און דו אַקערסט

● ג. הערוועג

און דו אַקערסט, און דו זייסט,
און דו פּיטערסט, און דו נייסט,
און דו האַמערסט, און דו שפּינסט —
זאָג, מיין פאָלק, וואָס דו פאַרדינסט.

וועבסט ביים שטול טאָג און נאַכט,
גראָבסט אונדז אייזן פון דער שאַכט,
ברענגסט די שעפע אונדז אַריין,
פול מיט טוואָרע און מיט וויין.

נאָר — וואו איז דיין טיש געגרייט?
נאָר — וואו איז דיין יאָנטעוו־קלייד?
נאָר — וואו איז דיין שאַרפע שווערד?
וואָסער גליק איז דיר באַשערט?

שאַפסט די אוצרעס אָן אַ שיר,
אַלץ פאַר יענעם, נישט פאַר דיר,
און פאַר זיך האָסטו אין נויט
נאָר געשמידט אַ שווערע קייט...

# אין גאָלדענעם לאַנד

● מ. נאַדיר

אין האַרבסטיקער נאַכט, אויף אַן איינזאַמען פעלד,
אַן פריינט און אַן האָפענונג, אַן ברויט און אַן געלט,
געפּלאָגט פון דעם הונגער, געפּייניקט פון שרעק —
עס ציט דאָרט אַ שאָטן, אַ טונקעלער פלעק.

ווער איז ער, דער שאָטן, וואָס וואַנדלט אין נאַכט?
עס ענטפערט דער ווינט: „אַ מענטש" — און ער לאַכט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף טייערע קישנס פון סאַמעט און זייד,
געשמייכלט, געצערטלט פון פריצישע לייט,
געקושט פון דער ווירטין, געגלעט פון דעם ווירט,
און רייכע מייכאָלים אים ווערן סערווירט.

ווער איז עס, וואָס לעבט דאָרט אין גלאַנץ און אין פּראַכט?
עס ענטפערט דער ווינט: „אַ הונט" — און ער לאַכט.

# לייזערקע און דער ערשטער מיי

## ● סאָרע באַרקאַן

קימאַט אַלע קינדער פון אונדזער גאַס זיינען שוין געוואָרן אַר־בעטער: ווער אין פאַבריק, ווער אין אַ קראָם, און ווער אין ווערקשטאַט. אַז מיר זיינען שוין עלף־צוועלף יאָר אַלט געוואָרן, זיינען מיר איינער נאָכן צווייטן אַריין אין קליינעם „בונד". אָבער לייזערקען האָבן מיר ניט געקענט אַריינעמען, ווייל ער האָט זיך געכאַוועט מיט אַ פאָליציאַנטס אַ יינגל, און מיר האָבן מורע געהאַט, ער זאָל אים ניט דערציילן אונדזערע סודעס.

איין שאַבעס, נאָך מיטאָג, גיי איך צו אַ פאַרזאַמלונג, ערשט לייזערקע וואַרט אויף מיר לעבן הויז.

— נעם מיך מיט און נעם מיך אַריין — זאָגט צו מיר לייזערקע.

— וואוהין גיי איך, און וואוהין זאָל איך דיך אַריינגעמען ? — מאַך איך זיך ניט וויסנדיק וועגן וואָס ער רעדט.

איך בין געגאַנגען עפשער צען גאַסן מער וויפיל איך האָב גע־דאַרפט, ווייל מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז לייזערקע גייט מיר נאָך.

עס איז געווען סאָף אַפּריל. דער אַלטער ביים־אוילעם איז נאָך געווען באַדעקט וואו־ניט־וואו מיט שניי און אייז און אויסגעזען, ווי אַן אַלטער שוך מיט ווייסע לאַטעס. איבער אַלץ האָט געשיינט די ערשטע פרילינג־זון. אויף אַן אַלטן בוים האָבן שוין פייגל נעסטן געבויט.

אַרום דרייסיק קינדער זיינען מיר געקומען. אַ סאַך האָבן נאָך מיטגעבראַכט שליטעלעך, קעדיי אויב מען ברעכט אָפּ אונדזער פאַר־זאַמלונג, זאָלן מיר זאָגן, אַז מיר זיינען דאָ געקומען זיך גליטשן.

אַ כאַווער פון אַ יאָר פערצן האָט אונדז דערקלערט די באַדייטונג פון ערשטן מיי. און כאָטש די דערוואַקסענע אַרבעטער האָבן אָנ־געזאָגט די קינדער, אַז זיי זאָלן זיך ניט פּלאָנטערן אונטער די פיס אין טאָג פון ערשטן מיי, האָט דער כאַווער פאַרגעשלאָגן, אַז מיר זאָלן יאָ מאַרשירן. מיר האָבן אים אַפּלאָדירט און געזונגען שטילער־הייט : „מיר שווערן, מיר שווערן" . . .

די זון האָט שוין געזאָגט אַ גוטן טאָג צו די לעצטע ברעקעלעך שניי און באַפּוצט זיי אין גאָלד.



פלוצלונג שרייט אַ יינגל אוים:
— כאַוויירים, איך זע אַ היטל.
— אַ היטל, אַ היטל! — האָבן אַלע נאָכגעשריען.

פון הינטער אַ מאַצייווע האָט זיך גענומען אַרויסרוקן לייזערקעס קאָפּ. ער איז געווען בלאַס, צעשראָקן, און האָט געקוקט אויף אונדז מיט גרויסע ברוינע אויגן, און גערעדט:

— קינדער, נעמט מיך אַריין! איך האָב געהערט יעדעס וואָרט. איך אַרבעט שוין. סאָרקע קען מיך גוט.

— וואָס האָסטו געהערט? און וואָס דרייסטו אַ קאָפּ? — האָט אַ גרעסער יינגל געשריען און זיך געלאָזט צו אים, ווי ער וואָלט אים וועלן געבן אַ פּאַטש.

לייזערקע האָט אַראָפּגערוקט זיין היטל איבער די אויגן און איז טראָט ביי טראָט אַרונטער דעם באַרג. מיר האָבן באַשלאָסן אים היטן, וואוהין ער גייט, און צום קומענדיקן מיטינג זאָלן מיר רעדן וועגן אַריינעמען אים אין קליינעם „בונד".

די רייכע און די פּאָליציי זיינען געווען זייער צופרידן, וואָס דעם פרימאָרגן פון ערשטן מיי רעגנט. פונדעסטוועגן, האָבן זיי אויסגע־שטעלט קאָזאַקן אויף אַלע גרויסע גאַסן. קרעמער האָבן צוגעמאַכט

זייערע קראָמען, פאַר שרעק. ווי נאָר דער זייגער האָט געוויזן ניין, זיינען אָנגעקומען אַרבעטער פון אַלע גאַסן און אין אַ מינוט איז געוואָרן אַ לאַנגע געדיכטע וואַנט, און פון דער וואַנט האָט זיך אַ רויטע פאָן געהויבן — נידער מיטן צאַר, נידער מיטן צאַר! — האָט זיך געהערט אין דער לופט — הוראַ־הוראַ!

מיר האָבן הויך געהויבן אונדזער פאָן און אויסגעשריען די זעלביקע פאָדערונגען וואָס די גרויסע.

און פּלוצלונג — קאָזאַקן: הירזשען פון פערד, פייפן פון נאַ־הייקעס, קלאָלעס און געשרייען. און שאַ־שטיל. מיר, קינדער, זיינען שוין ווידער געווען אין אַלטן הויז. אַ סאַך האָבן געפעלט. קוקן מיר דורכן פענצטער: שאַ־שטיל, בלויז די פאָן, אונדזער רויטע פאָן, אַליין אין בלאָטע . . . אונטער פערדישע קאָפּיטעס.

— אונדזער פאָן אין בלאָטע! אונדזער פאָן! — האָט איין כאַוועד אויסגעשריען.

ווייסן מיר ניט פון וואַנען לייזערקע האָט זיך גענומען. ער איז פון ערגעץ אָנגעלאָפן, נאָר איידער ער האָט זיך נאָך אָנגעבויגן אויפ־צוהויבן די פאָן, איז ער שוין געלעגן מיט זיין האַרץ אויף דער פאָן און אַ קאָזאַק איבער אים. דער קאָזאַק האָט אים געשניטן מיט זיין נאַהייקע אין רוקן און געשאָלטן:

— דו פאַרדאַמטער רעוואָלוציאָנער! נאַדיר אַ פאָן! נאַדיר אַ רויטע פאָן!

:: :: ::

די ביימער האָבן שוין געבליט, ווען מ׳האָט גערעדט אַז לייזערקעס טעג זיינען געציילטע. ער איז יענע וואָך געוואָרן פערצן יאָר, האָט ער געוואָלט אַ רויטע בלוזע אויף זיין געבורטסטאָג.

לייזערקע איז געלעגן אין אַ ווייס בעט, אַזוי דין און לאַנג, אַז זיינע פיס האָבן דורכגעשטעקט דורכן בעט. מיר האָבן אים אָנגעטאָן די נייע בלוזע און ער האָט געשמייכלט. דערנאָך האָט ער זיך שטאַרק פאַרהוסט און געפרעגט:

— קינדער, איר׳ט מיך אַריינעמען?

— אַוואַדע וועלן מיר דיך אַריינעמען — האָב מיר אים פאַר־זיכערט.

ער האָט פאַרמאַכט זיינע אויגן. מיר האָבן זיך די הענט געגעבן און געשוואָרן קעמפן פאַר אַ פריי רוסלאַנד.



# מיי־רעגן

● יעהויאָש

וואָלקנס רוקן זיך צו וואָלקנס,
און אַ באַנדע קומט צוזאַמען —
אָנגעלאָדן פול מיט גנייוועס,
פון די טייכן און די יאַמען...

פאַלט אַ שאָטן אויף די פעלדער...
אין דער נעסט די פויגלען שטומען,
אין דעם זאָמען וואַרט די שפּראָצונג,
אין די קנאָספּן וואַרטן בלומען...

נאָך אַ רעגע . . . וועלן ווערן
אַלע לאָגלען אויפגעריסן,
און די מאַטאָנעס פון די וואָלקנס,
וועלן בוים און בייט גענוסן...

# דער זיידע האָט דערציילט

## א. מייזל

אין קינדער־שול איז שוין געווען גרייט פאַרן ערשטן מיי: די ווענט באַפּוצט, די וואַנט־צייטונג — פּאַרטיק, פּלאַקאַטן און אַ פאָן צוגעגרייט פאַר דער מאָרגנדיקער דעמאָנסטראַציע. איצט איז פיליפּ מיט זיינע כאַווירים געגאַנגען צוריק אַהיים.

אין שטוב האָט פיליפּ טאַטע־מאַמען נאָך ניט געטראָפן. געווען איז דאָרט בלויז דער זיידע.

— נו, מיין קינד, ביסט שוין גרייט?

— גרייט, זיידע...

— וועסט מיך מאָרגן אַרייננעמען צווישן די קינדער, אויף דער דעמאָנסטראַציע?

— זיכער, זיידע.

— וועל איך טאַקע גיין; און דערפאַר וועל איך דיר דערציילן, ווי אַזוי דער יאָנטעוו איז אַנטשטאַנען, ווי אַזוי מיר האָבן אים צום ערשטן מאָל געפייערט.

פיליפּ האָט אָנגעשטעלט די אויערן. אַזעלכע מייסעס האָט ער ליב געהאַט צו הערן.

— געווען איז עס אין יאָר 1885. איך בין נאָך דעמאָלט געווען דאָ אין לאַנד אַ גרינער. פון רוסלאַנד בין איך אַנטלאָפן, פון דעם בלוטיקן צאַר, און דאָ האָב איך געאַרבעט אין אַ פאַבריק פון ציגאַרן. מיט מיר צוזאַמען האָבן געאַרבעט אַמעריקאַנער, דייטשן, ענגלענדער, אירלענדער. איינער האָט דעם צווייטנס לאָשן ניט פאַרשטאַנען. עס האָבן אונדז פאַראייניקט צוזאַמען די פאַבריק־ווענט, די קאַסטנס ביטערע ציגאַר־בלעטער, וועלכע מיר האָבן געפּליקט איינגעבויגן איבער דער אַרבעט יעדן טאָג צוועלף שאָ נאָכאַנאַנד.

אומעטום, אין אַלע פאַבריקן, האָבן אַרבעטער לאַנגע שאָען גע־שקלאַפט. די באַלעבאַטים זיינען רייך געוואָרן, געוואַקסן אויף אונדזער בלוט און שוויים. אָבער ביסלעכווייז האָט זיך עס גענומען רודערן. אַ כאַווער האָט די גרויסע נייעס צו אונדז אין פאַבריק געבראַכט: אַ גרויסער קאַמף וועט באַלד אויסברעכן. אַ קאַמף איבערן גאַנצן לאַנד, פון אַלע אַרבעטער. מיר וועלן פאָדערן אַכט שאָ אַרבעט.

דער טאָג פון דעם ערשטן מיי, 1886, איז באַשטימט געוואָרן אָנצוהייבן דעם גרויסן סטרייק און די דעמאָנסטראַציע. אַזוי האָט אַן אַרבעטער־צוזאַמענפאָר באַשלאָסן נאָך מיט צוויי יאָר צוריק, און מ'האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן. דער נאָמען פון יענער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע איז געווען: „דער פאַרבאַנד פון אָרגאַניזירטע פאַכן און אַרבעטער־יוניאָנס אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע". אַ צו־לאַנגער נאָמען, פיליפל. פרואוו עס אַרויסרעדן אין איין אָטעם, אויב דו קענסט.

פיליפ האָט געפרואווט און טאַקע ניט געקענט.

— נו, איז געקומען דער טאָג פונעם ערשטן מיי. צען אַזייגער אין דער פרי זיינען מיר שוין געווען אויף יוניאָן־סקווער. פון דאָרט האָבן מיר אַוועקגעמאַרשירט איבער די גאַסן פון שטאָט. אַפריער זיינען מיר אַוועק אין די אַרבעטער־גאַסן. מיר האָבן געהויבן אין דער הויך אונדזערע פאָנען און פלאַקאַטן, און אויסגערופן שטאָלץ אונדזערע פאָדערונגען: אַכט שאָ אַרבעט, אַכט שאָ פאַרברענגען און אַכט שאָ רו.

— די פאָליציי האָט אייך גאָר נישט געשטערט?

— זי האָט זיך פאַרלאָרן. אין עטלעכע טעג אַרום זיינען טאַקע די באַלעבאַטים מיט דער פאָליציי צו זיך געקומען און זיי האָבן זיך אָפגערעכנט פאַרן ערשטן מיי־סטרייק.

— וואָס איז געשען, זיידע?

— אין אַ סך שטעט זיינען דעמאָלט דעם ערשטן מיי פאָר־געקומען סטרייקס, פאַראַדן און דעמאָנסטראַציעס. העלדישער פון אַלעמען זיינען געווען די שיקאַגער אַרבעטער. דאָרטן האָבן גע־סטרייקט 50,000 אַרבעטער. די מיי־דעמאָנסטראַציע איז געווען אַ ריזיקע און אַ שטורעמדיקע.

דער זיידע האָט ווייטער דערציילט:

— די שיקאַגער פאָליציי, אויפגעקאָכט פון דער ערשטער מיי דע־מאָנסטראַציע, האָט מיט צוויי טעג שפעטער געשאָסן אויף פיקעטס. די אַרבעטער האָבן פאַררופן אַ פראָטעסט־פאַרזאַמלונג אויף היימאַרקעט־סקווער. דאָרטן האָט אַ פראָוואָקאַטאָר געוואָרפן אַ באָמבע אויף דער פאָליציי. אויף מאָרגן האָט מען אַרעסטירט די בעסטע און העלדישסטע אַרבעטער־פירער און זיבן פון זיי האָט מען פאַרמישפעט צום טויט.

לינג, דער יינגסטער פון אַלע פאַרמישפּטע, איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין טפיסע. אַ צווייטער, שפּיז, איז געשטאַנען אונטער דער טליע און אויסגעשריען: „דאָס קאָל, וועלכעס איר דערשטיקט, וועט אין קיינער זיין מעכטיקער, ווי איצט.“ אַ דריטער, פּאַרסאָנס, האָט אָנגעהויבן רעדן צו זיינע הענקער: „זאָל דאָס קאָל פון פאָלק געהערט ווערן!“ האָט מען פאַרצויגן די שטריק און איבערגעהאַקט זיינע ווערטער אין מיטן.

פיליפּ האָט זיינע פויסטן נאָך שטאַרקער פאַרדריקט.

— אָט אַזוי, פיליפּ, האָבן מיר פאַר יענעם ערשטן מיי מיט בלוט באַצאָלט. אָבער מיט צוויי יאָר שפּעטער האָבן די אַרבעטער באַשלאָסן אָנהויבן אַ נייעם קאַמף פאַרן אַכט-שאָעיקן אַרבעטס-טאָג. ווידער איז דער אָנהויב פון קאַמף באַשטימט געוואָרן אויפן ערשטן מיי. אין יאָר 1889 האָט זיך צונויפגעקליבן דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַ-ליסטישער קאָנגרעס אין דער שטאָט פּאַריז. דאָרט איז דער ערשטער מיי דערקלערט געוואָרן פאַר אַ יאָנטעוו, אַ דעמאָנסטראַציע-טאָג פון דעם אַרבעטער-קלאַס אויף דער גאַנצער וועלט.




מ. ציפּאָרין

דעמאָנסטראַציע
אויף
היימאַרקעט סקווער,
שיקאַגאָ, 1886.

# ערשטער מיי

● ל. מילער

היינט איז יאָנטעוו, היינט איז פרילינג.
אונדזער פרילינג — ערשטער מיי.
מיי און פרילינג אונדזער צווילינג,
יאָנטעוו פרילינג, יאָנטעוו פריי.

באַראַבאַנען, הערט, דערמאָנען,
אַז מען גייט היינט ניט אין שול.
אָפּגעשטעלט פאַבריק און באַנען
און מיט פרייד די גאַסן פול.

לאָמיר מיט די טריט אויסשלאָגן
ליד פון פריי, פון מיי און זון.
זאָל דאָס ליד זיך ווייט צעטראָגן,
וואו מען ווייסט נאָך ניט דערפון.

קומט אין גאַס און לאָמיר שפּאַנען
צו דעם טאַקט פון פויק און ליד,
הימל-בלוי און רויט די פאָנען,
אונדזער מיי האָט זיך צעבליט.

# אַ בריוו פון דער מילכאָמע

## ● כאַווער פאַווער

עסטער איז נאָך גאָר אַ יונגע מאַמע, קוים 28 יאָר אַלט. פאַר דער וועלט־מילכאָמע האָט זי נישט געדאַרפט נייען קיין וועש און אַרבעטן אַזוי שווער, ווייל איר מאַן בעני איז געווען אַ הויכער באָכער, אַזאַ ברייטער און געזונטער. ער איז געווען אַ פישער. געכאַפּט פיש פון דניעסטער און פאַרקויפט אין שטעטל.

זי האָט דאַן אויך גענייט וועש, אָבער פאַר איר אייגענער מיש־פּאָכע, פאַר שלוימען, פאַרן מאַן און פאַר שווער־און־שוויגער. זי האָט אויסגענייט שיינע ציכלעך מיט קאָלירטן באַנוול. פאַר שלוימען האָט זי אויך געמאַכט אַ ציכעלע פאַר זיין קישעלע, איז דאָרטן געווען אויס־גענייט מיט גרינע און רויטע אויסיעס : „גוט מאָרגן דיר !". ווען שלוימע האָט זיך אויסגעלערנט לייענען יידיש, פלעגט ער זיך צע־שמייכלען, ווען ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין קישעלע.

די ערשטע פאָר יאָר פון דער מילכאָמע האָט עסטער באַקומען בריוו קימאַט אַלע וואָך. פלעגט ווערן אַזאַ סימכע אין שטוב. האָט עסטער אָבער געוואוסט, אַז שווער־און־שוויגער קערן זיך אַוואַדע אויך זאָרגן וועגן זייער זון, פלעגט זי מיטנעמען שלוימען (נאָך געווען אַ פּיצל) און זיך אַריבערשיפן מיט דעם בריוו אויף יענער זייט טייך קיין ראַשקאָוו, וואו בענים עלטערן האָבן געוואוינט.

די באָבע כייע האָט ליב שטענדיק צו שמייכלען און אַז זי שמייכלט, שמייכלען אויך אירע ברילן. דער זיידע בערל שמייכלט קיינמאָל נישט. דערפאַר אַז ער רעדט, הודיעט זיין קאָל ווי אַ גלאָק.

— האַ, וואָס מאַכסטו, שלוימעלע ? — פלעגט שטענדיק זיין קאָל אַרויסהודיען — טשעפּע נישט די יאַרמולקע, דו מאַזיק, איך גיב דיר באַלד פּעטש ווי האָלץ.

שלוימע האָט זיך נישט געשראָקן פאַר דעם, וואָס דער זיידע האָט געזאָגט פּעטש, ווייל שטענדיק פלעגט ער סטראַשען מיט פּעטש ווי האָלץ און קיינמאָל נישט געבן. אָבער מען האָט דאָך געוואָלט וויסן, וואָס בעני שרייבט פון דער מילכאָמע, האָט טאַקע שלוימע געמוזט בלייבן שטיל און די שנור האָט געלייענט וואָרט אין וואָרט :

„צו מיין טייער ווייב עסטער, זאָל לעבן און געזונט זיין. צו מיין טייערן זון שלוימע און צו מיינע ליבע עלטערן, זאָלן לעבן און געזונט זיין. ריישים קען איך אייך מעלדן, אַז איך בין אַ דאַנק גאָט געזונט. גיב גאָט דאָס זעלבע פון אייך צו הערן.״

קימאַט אַלע בריוו פלעגן זיך אַזוי אָנהייבן, אָבער ווייטער איז שוין אַלע מאָל געווען עפּעס אַנדערש. געשריבן האָט ער פאַרשטעלטערהייט, ווייל די אָפּיצערן עפענען אַלע בריוו, וואָס די סאָלדאַטן שרייבן אַהיים און לייענען זיי איבער. זיי האָבן מוירע געהאַט, די אָפּיצערן, אַז די סאָלדאַטן זאָלן נישט שרייבן אַהיים, ווי שלעכט ס'איז אויף דער מילכאָמע. האָט טאַקע בעני געשריבן פאַרשטעלט, אָבער דאָ אין וואַד־ראַשקאָוו האָט מען זיך שוין געקענט אָנשטויסן, וואָס ער מיינט.

איין מאָל האָט ער געשריבן, אַז מען טרייבט זיי הונגעריקע און מידע דורך אייז און וואַסער. מען רעדט צווישן זיך, אַז מען גייט אויף פּשעמישל, וואָס אין עסטרייך, און דאָרטן וועט זיך טאָן כוישעך. דעריבער בעט ער זיין טאַטע־מאַמע, אַז אויב ס'וועט זיך עפּעס טרעפן, זאָלן זיי טרייסטן זיין ווייב, אַכטונג געבן אויף איר און אויפן קינד. ער איז אַפּילע מיט גרויס גלויבן, אַז ס'וועט אים גאָרנישט געשען, ווייל ער איז ביז אַהער געווען זייער אַ מאַזלדיקער. „שטעלט זיך פאָר״, האָט ער געשריבן, „איך בין געלעגן אין דער טראַנשייע מיט נאָך אַ סאָלדאַט, אַ פויער פון ערגעץ אַ דאָרף. מיר זיינען געלעגן זייט ביי זייט שוין העכער זעקס טעג און פלוצלונג האָט געטראָפן אַ באָמבע פונקט דאָרטן, וואו מיר זיינען געלעגן. דעם פויער האָט דאָס באַלד אויפגעהויבן אין דער לופטן און — אויס! אַ האָר האָט געפעלט, איך זאָל אויך אומקומען צוזאַמען מיט אים.״ דעריבער גלויבט ער אין גאָט, אַז ער וועט אים אויך אויף ווייטער אויסהיטן. ער בעט אויך מען זאָל אָנשרייבן אַ בריוו צום פויערס טאַטע־מאַמע, וואָס ערגעץ אין דעם דאָרף, און זיי לאָזן וויסן פון זייער זונס טויט. ער האָט דעם אַדרעס, ווייל אַזוי האָבן זיי אויסגענומען צווישן זיך, אַז אין פאַל פון אַן אומגליק זאָלן זיי לאָזן וויסן אַהיים איינער וועגן צווייטן.

איין מאָל, און ס'איז דאַפקע געווען שיין אין דרויסן, אַ ווינטערטאָג, אַ ווייסער מיט אַ וואַרעמער זון. די מאַמע ביים פענצטער האָט געשטעפּט אויף דער מאַשין. און שלוימע מיט אַן אָפּגעפרוירן נעזל,

אַן אַנגעפּעלצטער איז געשטאַנען פאַר דער טיר און געקוקט פאַר־
כידעשט אויף די דעכער, וואו שוואַרצע פייגל זיינען געזעסן און
האָבן געשריען: קראַ, קראַ.

אַ פּאָליציאַנט איז אָנגעקומען, נאָך אים אַ כאַפּטע קינדער,
ווייבער, יידן. שלוימע האָט זיך איבערגעשראָקן און איז אַריין אין
הויז. אָבער דער פּאָליציאַנט איז אַריין נאָך אים.

עסטער האָט אויפגעהערט שטעפּן. איר פּאָנעם איז געוואָרן
בלאַס, אָבער זי האָט גאָרנישט ניט געפרעגט. דער פּאָליציאַנט האָט
אַרויסגעשלעפּט אַ פּאַפּיר פון אַרבל און אַ פרעג געטאָן ווייך:

— איז דיין מאַנס נאָמען בעני ריבאַק?

אַ פּאָליציאַנט רעדט קיינמאָל ניט ווייך. אַזוינע פאַרשווינען
שרייען, שעלטן און בייזערן זיך. פון זיין ווייך רעדן האָט עסטערן אַזוי
פאַרקלעמט ביים האַרצן, אַז ס'איז איר געוואָרן פינצטער אין די
אויגן. און דער פּאָליציאַנט האָט זייער שטיל אַרויסגערעדט:

— מיר לאָזן דיר וויסן, אַז דיין מאַן איז . . .

מער האָט ער שוין נישט געקענט זאָגן, ווייל עסטער איז אַראָפּ־
געפאַלן פון בענקל אויף דער ערד. שלוימע האָט אויפגעהויבן אַ
געוואַלד, מען איז זיך צונויפגעלאָפן פון דער גאַס.

פאַרנאַכט איז אָנגעקומען דער זיידע מיט אַ פאַרשנייטער באָרד
און די באָבע מיט אַ גרויסן פאַרשנייטן שאַל אויף די פּלייצעס. אַז זי
האָט אויסגעטאָן דעם שאַל האָט שלוימע דערזען ווי דער באָבעס ברילן
וויינען. דער זיידע האָט אים גענומען אויף די הענט און מער נישט
געהודיעט אויף אים פאַרוואָס ער טשעפּעט די יאַרמעלקע. ער האָט
גאָרנישט געטשעפּעט. געזעסן שטיל אויף דעם זיידנס קני און געקוקט
אויף דער מאַמען, וואָס איז געלעגן אויפן בעט מיטן פּאָנעם צו דער
וואַנט און גאָרנישט גערעדט, נישט נאָר צום זיידן און צו דער באָבען,
נאָר אַפילע צו שלוימעלען. האָט דעם קינד אַזוי פאַרדראָסן און ער
האָט זיך געריסן אַראָפּ פון די קני צו דער מאַמען. אָבער דער זיידע
האָט אים נישט געלאָזט. האָט ער זיך געוואָלט צעוויינען, נאָר די
טרערן זיינען אים געבליבן שטעקן אין האַלדז, האָט ער זיך צו־
געטוליעט צום זיידנס באָרד און איז אַזוי איינגעשלאָפן.

# מילכאָמע

## י. אַדלער ●

מיר וועלן קיין קאָרן, קיין ווייץ און קיין גערשטן ניט האָבן —
די פעלדער די ברייטע — זיי שטייען אין גריבער צעגראָבן.

מיר וועלן קיין שאָף און קיין רינד אויפן פעלד מער ניט האָבן —
די פעלדער — זיי זיינען פאַרנומען מיט מייסים און ראָבן...

די ביימער — זיי שטייען באַלאַדן מיט עפּל און באַרן —
זיי וועלן אַזוי אויף די צווייגן פאַרפוילן, פאַרדאַרן...

די יינגסטע, די קרעפטיקסטע מענטשן — זיי שטייען אין פלאַקער —
ניטאָ, ווער ס'זאָל זייען און פלאַנצן און פירן דעם אַקער.

די פעלדער — זיי זיינען פאַרנומען מיט מייסים און ראָבן —
מיר וועלן קיין קאָרן, קיין ווייץ און קיין גערשטן ניט האָבן...

# אויף דער מילכאָמע

## ש. אַש ●

די זון האָט זיך אָנגעהייבן צו זעצן ביים עק הימל. דאָס אָרט איז געוועזן אַ גלייכס, אַ ברייטס. דער זוים פון הימל איז געוועזן באַגאָסן מיט רויטער שיין, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אומעטום.

אין איין עק הימל האָט זיך געבלייכט. עס האָט זיך עפּעס וואָס געוויזן, וואָס מען האָט ניט געקענט פון דער וויטנס אונטערשיידן, צי דאָס זיינען הייזער, בערג אָדער ווייטער וואַלד. וואָס נעענטער מע איז געקומען, האָט זיך דייטלעכער אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זיינען וואָלקנס רויך, וואָס גייען אויף פון דער ערד אין הימל אַריין. די סאָלדאַטן האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָרטן איז עס. ביי אַ טייל האָבן די הערצער אָנגעהייבן שטאַרק צו קלאַפּן, אַ טייל זיינען שוין גלייכגילטיק געוואָרן. דער וועג איז איצט גראָד געוועזן אַ בעסערער, די גריבער

האָבן זיך שוין מער ניט געוויזן. אויך די לאַנגע שורעס אויפֿ־געגראָבענער ערד האָבן זיך געזען זעלטענער.

פלוצלונג פֿאַלט איבערן קאָפּ דער שיין פֿון אַ ליכט־וואַרפֿער, עס באַלייכט זיך אַ וואַלד אין גרינעם, מע זעט אינעם ליכט איינצלנע סאָלדאַטן שטייען איבער אַ לאָנקע. באַלד ווערט ווידער פֿינצטער. און פלוצלונג פֿליט עפּעס פֿאַרביי אין דער לופֿטן איבער די קעפּ.

עס רוישט און קאַכט אויף די לופֿט און וויל דעם קאָפּ אַרונטער־רייסן. מע הערט ווי עס פֿאַלט און גיט אַ פֿעסטן קלאַפּ אָן דער ערד. ביימער פֿאַלן...

עס איז פֿינצטער. מע גייט ווייטער. פלוצלונג פֿאַלט אַ ליכט איבערן קאָפּ. מע זעט די כאַוויירים, ווי ביי טאָג. די אויגן ווערן פֿאַר־בלענדט. מיט אַ מאָל אַ ווינט איבערן קאָפּ. און עפּעס פֿאַלט.

עס ווערט אַ קליינער ראַש. זעלנער פֿאַלן אין גרוב אַריין. כאַ־וויירים לעבן דיר פֿאַלן. די פּיס גליטשן זיך אויס, נאָר מע גייט ווייטער, ווייטער, ווייטער — ביז מע קומט אָן צו גריבער... מע הייסט זיך לייגן אין די גריבער, גראָבן נייע, און אַלע סאָלדאַטן וואַרפֿן זיך אויף דער ערד.

אַרום איז שטיל. מע הערט איצט שאַרף אין דער שוואַרצער נאַכט דאָס קראַכן פֿון שאָסן. איבער די קעפּ פֿליט ליכט פֿאַרביי און נאָך דעם — אַ רוישן, ווי מע וואָלט די לופֿט אויפֿגעוועקט. לאַנג זיינען די זעלנער אין די גריבער געלעגן, באַשיצנדיק זיך די קעפּ מיט זאַמד. פֿון דערווייטנס האָבן זיך געזען קליינע, קליינע פֿייערלעך — דאָרט איז דער פֿיינט. נאָר מע האָט אָנגעזאָגט, אַז מע זאָל נישט שיסן, ביז מע וועט ניט הייסן, ווייל מע וויל אַרויסנאַרן דעם סוינע פֿון זיין פֿאַרפֿעסטיקטער פּאָזיציע.

# אין גרוב

אַז אַסנעם האָט זיך געפֿונען אין זיין גרוב, האָט ער דערפֿילט עפּעס ווייכס אונטער זיך. ער איז אין דער ערשטער מינוט אויפֿ־געשפּרונגען פֿאַר שרעק, דערנאָך האָט ער דערהערט אונטער זיך אַ קאָל: „האָב ראַכמאָנעס, ברודער!‟ ער האָט זיך צוגעבויגן און דערזען אַ סאָלדאַט אונטער זיך.



— גיב צו טרינקען, ברודער — האָט יענער געקרעכצט — איך שטאַרב פאַר דאָרשט.

ער האָט אים דערלאַנגט זיין פלאַש, פון וועלכער דער קראַנקער זעלנער האָט געטרונקען.

— וואָס איז דיר, ביסט פאַרוואונדעט? — האָט אים אַסנעם געפרעגט — פאַרוואָס האָבן זיי דיך פון דאַנען ניט אַוועקגענומען?

— נישטאָ קיין צייט, קיינער איז ניט געקומען פרעגן. אַלע אונדזערע דאָ אין גרוב זיינען טויט אָדער פאַרוואונדעט. אַ גאַנצן טאָג זיינען די באָמבעס געפאַלן, ווי די דונערס פון הימל. אַ קלאָלע איז אויף דער וועלט אויסגעגאָסן געוואָרן.

— און ווי אַזוי האָט מען אַריינגעלאָזט טרעטן אויף מענטשן, אויף לעבעדיקע מענטשן? — האָט אַסנעם אויסגעשריען.

— מיר האָבן אויך געטראָטן אויף מענטשן. אונטער מיר ליגט אויך איינער, אַ פּוילישער, וואַלענטין סטעכאָוויטש האָט ער געהייסן. ער האָט מיך געבעטן מען זאָל זיין מוטער שרייבן. איצט וועל איך דיר דעם נאָמען איבערגעבן, געדענק אים. איך האָב אים געכאַזערט אַ גאַנצן טאָג. און מיינעם געדענק: איוואַן מאַלאַדיעץ, פון 14טן שיסער פאָלק, 6טע ראָטע. געדענק עס גוט, געדענק אים...

— דו וועסט נאָך לעבן, ברודער! אונדזערע זיינען געקומען פיל, זייער פיל...

— ניין, ליבער ברודער, איך וועל עס שוין ניט דורכלעבן — קרעכצט דער קראַנקער סאָלדאַט — דו עפּשער יאָ, איך שוין ניט! דאָס גאַנצע בלוט רינט אַרוים. און קיין וואַסער איז שוין ניטאָ. דיינע איז שוין אויסגעטרונקען, און עס דאַרשט שוין ווידער.

— וואו האָסטו די וואונד? גיב אַהער, איך וועל זי דיר פאַרבינדן — זאָגט אַסנעס.

— שוין נישטאָ מיט וואָס: אַלץ, וואָס איך האָב געהאַט, האָב איך צוגעלייגט.

— איך האָב ביי מיר אַ האַנטעך — זאָגט אַסנעס און ציט אַרויס דעם היימישן האַנטעך, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך, די ברוסט צו פאַרבינדן — גיב אַהער.

אַזוי איז אַסנעס אָפּגעלעגן אַ האַלבע נאַכט אין גרוב, געטראַכט און געקוקט אויף דער שוואַרצער נאַכט, און אויף די פייערלעך קעגנ-איבער. דער קראַנקער סאָלדאַט האָט נישט אויפגעהערט צו קרעכצן און צו בעטן וואַסער. אַסנעס האָט שוין איבערגענומען די פלאַשן וואַסער פון זיינע שכיינים, נאָר דאָרטן האָבן זיי אויך געהאַט קראַנקע כאַווירים, וועלכע זיינען געשטאָרבן פון דאָרשט. אַ געוויסע צייט איז דער קראַנקער פאַרשטילט געוואָרן: עס האָט זיך געדוכט, אַז ער איז איינגעשלאָפן. אַסנעס האָט אים נישט געוואָלט וועקן. פּלוצ-לונג, אין אַ צייט אַרום, רופט ער זיך אָפּ:

— ברודער, איך פיל, עס איז שלעכט. פאַרגעס נישט: וואַלענטין סטעכאָוויטש, אַ פּוילישער, און איוואַן מאַלאַדיעץ, אַ רוסישער. כאַזער איבער, וועסט פאַרגעסן.

— און אַסנעס מייער, אַ ייד — האָט אַסנעס געזאָגט פאַר זיך. דער סאָלדאַט איז שטיל געוואָרן.

# די שאַלעם־ליולקע

## הענרי לאָנגפעלאָ

יידיש : יעהויאָש

אויף די פּרעירי־בערג די רויטע,
וואו מען ברעכט די ליולקע שטיינער,
גיטשי מעניטאַ, דער שטאַרקער,
ער, דער הערשער פון לעבן,
איז אַראָפּ, און אויף די פעלדזן
שטייענדיק, צונויפגערופן
אַלע פעלקער, אַלע שוואַטים.

אָפּגעהאַקט האָט מיט דער האַנט ער,
פון דעם רויטן פעלדז אַ ווינקל,
זיך געמאַכט דערפון אַ ליולקע,
אויסגעצאַצקעט מיט פיגורן;
פאַר אַ מונדשטיק אויסגעריסן,
פונעם טייך אַ ראָר אַ לאַנגן,
פריש־באַדעקט מיט גרינע בלעטלעך;
אָנגעפילט די פּייף מיט שאָלעכץ,
און געשטאַנען אויפן באַרג איז
גיטשי מעניטאַ, דער שטאַרקער,
רויכערנדיק זיין שאָלעם ליולקע,
אַלס אַ סימען פאַר די פעלקער.

לאַנגזאַם איז דער רויך געשטיגן,
אין דער שטילער מאָרגן לופט,
ערשט אַן איינציקער פּאַס אַ טונקלער.
דאַן אַ בלאָ־געדיכטע פּאַרע,
דאַן ווי שניי אַ ווייסער וואָלקן.
פון דעם טאָל פון טעוועסענטע,
פון דעם טאָלנלאַנד וואַיאָמינג,

פון די וועלדער טאַסקאַלוסעם —
פון די שטיינער־בערג די ווייטע,
פון די וואַסערן פון צאָפן —
יעדער שטאַם דערזען דעם רויך האָט,
און ווי ס׳שפּרייט זיך דער פאַרקווײנע
פון דער ווייסער שאָלעם ליולקע.

דורך די פּרעירים, איבער טייכן,
זיינען קריגס־לייט אָנגעקומען,
די קעמענטשעס און די טשאָקטאַס,
און די דעלעוואַרס און מאָהאָקס,
די אָמאַהאַס און די פּאָנים,
די דאַקאָטאַס, און די מענדענס,
די אַדזשיבוואַס און די הוראָנס,
די שאָשאָנים און די שוואַרץ־פּים —
אַלע האָבן זיך פאַרזאַמלט,
אויף דעם שאָלעם־ליולקע צייכן,
ביי די פּרעירי־בערג די רויטע,
וואו מען ברעכט די ליולקע שטיינער.

דאָרט געשטאַנען אויף דער לאָנקע
זיינען זיי אין קריגס מאַלבושים,
אָנגעפאַרבט, ווי אָסיען־בלעטער,
אָנגעפאַרבט ווי מאָרגן־הימל,
זיך באַקוקנדיק מיט צאָרן;
אין דער ברוסט דער צאַנק פון דוירעס,
נעקאָמע, סינע, האַס — געיאַרשנט
נאָך פון עלטער־עלטער זיידעס.

גאַטשי מעניטאַ, דער שטאַרקער,
דער באַשעפער פון די פעלקער,
האָט געקוקט אויף זיי מיט מיטלייד,
מיט דער ליבשאַפט פון אַ פאָטער;
זייער קאַס און זייער שטרייטן,
אָנגעקוקט ווי קריג פון קינדער,
ווי מילכאָמעס בלויז פון קינדער.

האָט זיין רעכטע האַנט פאַרשפּרייט דאַן,
קעדיי דער ווילדער זין זאָל צאַמען,
קעדיי נעקאָמע־דורשט זאָל שטילן,
און זיין שטאָלץ קאָל געהילכט האָט,
ווי דער ראַש פון ווייטע שטראָמען
פאַלנדיק אין טיפן אָפּגרונט:

— קינדער מיינע! אָרעמע קינדער!
כ׳האָב אייך לאַנד אויף יאַגד געגעבן,
שטראָמען — איר זאָלט קענען פישן,
אייך געשאָנקען בופלאָקסן,
הירשן, רענסירן און בערן,
ווילדע געגנדז און ביבער כייעס;
זומפּן פול מיט וואַסער־אויפעס,
טייכן פול מיט אַלע פישן,
וואָרום זענט איר ניט צופרידן,
און איר רוידעפט נאָכאַנאַנד זיך?

— איך בין מיד פון אייערע שטרייטן,
מיד פון קריג און בלוט פאַרגיסונג,
מיד פון הערן ראַכע טפילעס,
מיד פון אייערע מאַכלויקעס.
שטאַרק קענט איר זיין בלויז ווען איניק,
פיינטשאַפט ברענגט אייך בלויז געפאַרן;
לעבט פון איצטער אָן אין שאַלעם,
לעבט צוזאַמען טריי ווי ברידער.

— באָדט זיך אין דעם שטראָם וואָס פליסט דאָ,
וואַשט די קריגס פאַרב פונעם פּאָנעם,
וואַשט דעם בלוט־פלעק פון די פינגער;
אין דער ערד באַגראָבט די וואָפן;
ברעכט זיך שטיקלעך רויטן שטיין אָפּ,
מאַכט דערפון זיך שאַלעם ליולקעס,
דאַן פון טייך קלייבט וואַסער שטעקלעך,
פּוצט זיי אויס מיט העלע פעדערן,

רויכט דעם קאַלומעט צוזאַמען,
און פון איצטער לעבט ווי ברידער.

אויף דער ערד אַראָפּגעוואָרפן,
האָבן זיי הירש־פעל מאַנטלען,
קריגס מאַלבושים און קליי־זייען,
דאַן אין טייך אַריינגעשפרונגען,
און געשווענקט די פאַרב פון פּאָנעם.
קלאָר געשטראָמט האָט ס׳וואַסער אויבן,
שוואַרץ געשטראָמט האָט ס׳וואַסער אונטן,
קויטיק און מיט רויטע פלעקן,
ווי עס וואָלט מיט בלוט געמישט זיך.

ריין פון קריגס־פאַרב, פונעם וואַסער
איז אַרויס די מאַכנע קריגס־לייט,
און ביים ברעג די העק באַגראָבן,
טיף באַגראָבן אַלע וואָפן.
גיטשי־מעניטאַ, דער שטאַרקער,
גרויסער גייסט, אַראָפּגעשמייכלט
האָט אויף זיינע שוואַכע קינדער.

שווייגנדיק, די קריגס־לייט האָבן
רויטע שטיינער אָפּגעבראָכן,
און געמאַכט זיך שאָלעם ליולקעס;
פונעם טייך גענומען שטעקלעך,
און באַפּוצט מיט העלע פעדערן,
דאַן אַהיים אַוועק איז יעדער.

## אינדיאַנישע ווערטער

גיטשי מעניטאָ — דער גרויסער גייסט, דער האַר פון לעבן

טעזועסענטע — אַ געוויסער טאָל אין צפון־אַמעריקע

וויאָמינג, טאָסקאָלוסע — געוויסע געגנטן אין צפון־אַמעריקע

פּאָקווינע — דער רויך פון דער שאָלעם־ליולקע

קעמענטשעס, טשאָקטאָס, דעלעוואַרס, מאָהאָקס, אָמאַהאַס, מענדענס, פּאָניכ, אָדזשיבוויים, הוראָנס, שאָשאָנים, שוואַרץ־פיס — נעמען פון אינדיאַנישע שוואָטים

דעקאָטאַכ — דער אַלגעמיינער נאָמען פון עטלעכע געוויסע אינדיאַנישע שטאַמען



# פון הינטער גראַטעס

## ● ראָזע לוקסעמבורג

„איך לעב דאָ איבער שאַרפע ליידן. אין הויף, וואו איך שפּאַציר, קומען אָפט צו פאָרן מיליטערישע וואָגן-צוגן. זיי זיינען אָנגעפּאַקט מיט זעק אָדער מיט אַלטע סאָלדאַטישע שינעלן און העמדער, אָפט פאַרפלעקט מיט בלוט. דאָ פּאַקט מען זיי אויס, מע פאַרטיילט זיי איבער די קאַמערן, וואו מע פאַרריכט זיי און מ'לאַטעט זיי אויס. דער־נאָך לאָדט מען ווייטער אָן די פורן און מ'צעגיט זיי די סאָלדאַטן.

„ניט לאַנג איז אַהער געקומען אַזאַ וואָגן, איינגעשפּאַנט ניט מיט פערד, נאָר מיט בופלאָקסן. צום ערשטן מאָל איז מיר אויסגעקומען נאָענט לעבן זיך צו זען די דאָזיקע כייעס. זיי זיינען שטאַרקער און ברייטער געבויט, ווי אונדזערע אָקסן. זייערע קאָפּ-שאַרבנס דערמאָנען אונדזערע ציגן, אין גאַנצן שוואַרצע, מיט גרויסע מילדע אויגן. זיי שטאַמען פון רומעניע.

„די סאָלדאַטן, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט די וואָגנצוגן, האָבן דערציילט, אַז ס'איז זייער שווער געווען צו כאַפּן די דאָזיקע בופלאָקסן, און ס'איז נאָך שווערער געווען זיי אָפּצוגעוואוינען פון דער פרייהייט און זיי אויסלערנען פירן מאַסאָעס. מע שלאָגט זיי שרעקלעך.

„דערצו זיינען זיי נאָך געוואוינט צו די רומענישע פּעטע פּאַשע־

פעלדער, און דאָ גיט מען זיי ווייניק און שלעכט עסן. זיי ווערן אַכזאָריעסדיק אויסגענוצט אויף אַריבערצופירן די שווערסטע מאַסאָעס. זיי קומען דערביי אום זייער גיך. אָט איז מיט עטלעכע טעג צוריק אַריינגעפאָרן אין הויף אַזאַ וואָגן, פול אָנגעלאָדן מיט זעק. די זעק זיינען געווען אָנגעלייגט אַזוי הויך, אַז ביים אַריינפאָרן אין הויף האָבן די בופלאָקסן בעשום-אופן ניט געקאָנט אַריבערשלעפן די מאַסע איבער דער שוועל.

„דער סאָלדאַט, וואָס האָט זיי געפירט — זייער אַ האַרטער מענטש — האָט זיי אָנגעהויבן אַזוי שטאַרק צו שלאָגן מיטן גראָבן הענטל פון דער בייטש, אַז די אויפגעבראַכטע אויפזעער האָבן אים געפרעגט:

— ניט שוין-זשע האָסטו קיין ראַכמאָנעס ניט אויף די בייעס?

— אויף אונדז, מענטשן, האָט אויך קיינער קיין ראַכמאָנעס ניט— האָט ער מיט אַ בייז שמייכעלע געענטפערט און האָט נאָך שטאַרקער גענומען זיי שלאָגן.

„סאָף קאָל סאָף האָבן זיך די בייעס אַריינגעשלעפט דורכן טויער. ביי איינעם פון זיי האָט זיך אָבער געגאָסן בלוט...

„שטעל זיך פאָר: די פעל פונעם בופלאָקס רימט זיך מיט איר שטאַרקייט און גראָבקייט. און אָט די דאָזיקע פעל איז צעריסן געוואָרן.

„די בייעס זיינען ביים אויסלאָדן געשטאַנען גאָר שטיל, אויסגעמאַטערט, און דער בופלאָקס, ביי וועלכן ס'האָט זיך געגאָסן בלוט, איז געשטאַנען מיט אַזאַ אויסדרוק אויף זיין שוואַרץ פּאָנעם און אין די מילדע, שוואַרצע אויגן, ווי ביי אַ פאַרוויינט קינד.

„איך האָב איבערגעלעבט אין מיין אומבאַהאָלפנקייט דעם דאָזיקן שטומען ווייטיק. ווי ווייט, ווי ווייט זיינען די פרייע, זאַפטיקע, גרינע פאַשע-פעלדער פון רומעניע!

„מיין אָרעמער בופלאָקס! ביידע שטייען מיר דאָ אַזוינע מאַכטלאָזע...“

# מיין ניט

י. ל. פּערעץ

מיין ניט, די וועלט איז אַ קרעטשמע — באַשאַפן
מאַכן אַ וועג זיך מיט פויסטן און נעגל
צום שענק-פאַס, און פרעסן און זויפן, ווען אַנדערע
קוקן פון ווייטן מיט גלעזערנע אויגן,
פאַרכאַלעשט און שלינגען דאָס שפייעכץ און ציען
צוזאַמען דעם מאָגן, וואָס וואַרפט זיך אין קרעמפן —
אָ, מיין ניט, די וועלט איז אַ קרעטשמע!

מיין ניט, די וועלט איז אַ הפקר — באַשאַפן
פאַר וועלף און פאַר פוקסן, פאַר רויב און פאַר שווינדל;
דער הימל — אַ פאָרהאַנג, אַז גאָט זאָל ניט זען;
דער נעפל — מע זאָל אויף די הענט דיר נישט קוקן;
דער ווינט — צו פאַרשטיקן די ווילדע געשרייען;
די ערד — איינצוזאַפן דאָס בלוט פון קאָרבאָנעס —
אָ, מיין ניט, די וועלט איז אַ הפקר!

די וועלט איז קיין קרעטשמע, קיין בערזע, קיין הפקר!
געמאָסטן ווערט אַלעס, געוואויגן ווערט אַלעס!
קיין טרער און קיין בלוטיקער טראָפן פאַרגייען,
אומזיסט ווערט קיין פונק און קיין אויג נישט פאַרלאָשן!
פון טרערן ווערט טייכן, פון טייכן ווערט יאַמען,
פון יאַמען — אַ מאַבול, פון פונקען — דונער.
אָ, מיין נישט לעם דין וועלעם דייען.

# לעניִן און דער צאַר

(אַ פּויערשע מייסע)

אַמאָל קומט איין מאָל צום צאַר ניקאָליי דער סאַמע גרעסטער פון זיינע גענעראַלן.

— אַזוי און אַזוי, אייער מאַיעסטעט, אין ערגעץ אַ פּראָווינץ, אין ערגעץ אַ שטאָט האָט זיך באַוויזן אַ מאַן אַ בעריע, אַ געלערנטער אין אַלע וויסנשאַפטן, און רופן רופט מען אים לעניִן. איז סטראַשעט אַט דער מענטש: „אויפן צאַר ניקאָליי וועל איך גיין, אַלע צאַרישע סאָלדאַטן וועל איך מיט איין וואָרט צונעמען צו זיך און די גענעראַלן אַלע, די פּריצים, די אַדל־לייט און דיך, צאַר ניקאָליי, וועל איך אַרוים־טרייבן און דער ווינט וועט אייך אָוועקטראָגן. אַ וואָרט אַזאַ איז ביי מיר פאַראַן."

האָט זיך דער צאַר דערשראָקן, אַ טופּע געטאָן מיט די פיס, אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט, און מיט אַ הויכער שטים אַ געשריי געטאָן:

— שרייבט אָן אויף גיך אָט יענעם מענטשן, אַז ניט גיין זאָל ער אויף מיר מיטן וואָרט מיט יענעם, ניט צעטרייבן מיך און מיינע גענעראַלן, פּריצים און אַדל־לייט אויף שטויב, און דערפאַר וועל איך אים — אָט דעם מענטשן — האַלב פון מיין קעניגרייך אָפּגעבן.

האָבן דעם צאַרס געלערנטע לייט אָנגעשריבן צו אָט דעם לעניִנען:

„אַזוי און אַזוי, גיי ניט, לעניִן, אויף דעם צאַר ניקאָליי מיט דעם וואָרט דיינעם, און נעם זיך צו האַלב פון ניקאָליים קעניגרייך מיט גוטן!"

פיל צי ווייניק צייט דערין, אָבער אין גיכן האָט צוגעשיקט אַן ענטפער אַ שריפטלעכן אָט יענער מענטש, וואָס רופן רופט מען אים לעניִן. און ענטפערן ענטפערט לעניִן דעם צאַר ניקאָליי:

„אַזוי און אַזוי", שרייבט ער זיך, „איך בין מאַסקים נעמען ביי דיר האַלב פון דעם קעניגרייך דיינעם, אָבער איך שרייב דיר איצט ווי אַזוי איך וועל זיך טיילן מיט דיר. ניט לויט פּראָווינצן, ניט לויט שטעט, ניט לויט דערפער, נאָר אָט אויף וואָס פאַר אַ טיילעניש מיט דיר בין איך מאַסקים, און מער זאָל וועגן דעם קיין רייד ניט זיין:

דו, צאַר ניקאָליי, נעם דיר צו אַלע אײדעלע לײט—גענעראַלן, אָפיצערן, נאָבל־לײט, פּריצים מיט זײערע אױסצײכענונגען, מיט אַלע זײערע טיטולן, מיט די קלײדער זײערע די זײדענע און סאַמעטענע, מיטן גע־שיר זילבערנעם און גאָלדענעם, מיט די װײבער זײערע און זײער גאַנץ געזינדל, נעם זיך צו, און מיר גיב אָפּ דאָס גאַנצע פּראָסטע פאָלק: פּױערים, סאָלדאַטן, אַרבעטער מיט זײער ביסל אָרעמקײט. און דאָס פּי לאָז מיר איבער, מיט די פעלדער גראָזיקע, און די מוטער־ערד צום אַקערן.״

האָט דורכגעלײענט דעם בריװ צאַר ניקאָליי, האָבן זיך די פּיס ביי אים צעטאַנצט פאַר פרייד, און די הענט צעפּליעסקעט פאַר סימכע. און באַפוילן האָט ער זײנע גענעראַלן, אָפיצערן און פּריצים:

— אין דער מינוט, אין דער רעגע שרײבט יענעם לענינען, אַז איך בין מאַסקים אויף אַלץ. און זאָרגט זיך גאָרניט — פאַר די רײכטימער װעלן מיר דינגען אַנדערע האָרעפּאַשניקעס, און אָט די גע־דונגענע װעלן מיר פאַר סאָלדאַטן נעמען, און װײטער לעבן זיך אין רואיקייט און װאוילטאָג.

פיל צי װײניק צײט דערין, אָבער אין גיכן קומט לענין אָן שטילינקערהייט צו זײנע סאָלדאַטן, פּױערים און אַרבעטער. און דער צאַר מיט זײנע מעיוכאָסים האָבן זיך שוין דערװײל אָפּגעטראָגן. קוקן אַזוי די פּױערים, סאָלדאַטן און אַרבעטער און זען זעען זײ, אַז גע־קומען איז צו זײ אַ מענטש אַ פּאָשעטער, אַ זײעריקער, און זאָגט צו זײ:

— איך װעל זײן מיט אײך מיט אַלעמען פון אײן גראַד, װײל מיר זײנען אַצינד אַלע כאַװײרים. איך װעל אײך לערנען, װײל איך בין אין אַלע װיסנשאַפטן אַ געלערנטער, און די כאַװײרים מײנע װעל איך אויף קײן שלעכטן װעג ניט אַרויספירן.

האָבן זײ אַלע לענינען אויסגעהערט, און ס׳איז זײ װאויל געפעלן די טײלעניש. נאָר אײן פּױערל אַן אַלטס האָט אַלץ ניט געקאָנט פאַר־שטײן און זיך צעשריען:

— פאַרװאָס און פאַר װען האָסטו דאָס די רײכטימער די אומ־צײליקע פון די הענט אַרויסגעלאָזט? װאָלסט זײ צװישן אונדז פאַר־טײלט, װאָלטן מיר אונדזער באַלעבאַטישקייט צורעכט געמאַכט!

האָט זיך דאָ לענין פונאַנדערגעלאַכט, מיטן קאָפּ אַ שאָקל געטאָן, און אָפּגעענטפערט מיט אַזױנע װערטער:

— זאָל זיך קיינער נאָר ניט שרעקן. איר, פֿויערימלעך, נעמט זיך צו די פֿי און די ערד און באַלעבאַטעוועט. און וואָס וועט ווייטער זיין, וועלן מיר דאַן זען. קעדיי פֿאָטער צו ווערן פֿון אַלע פּריצים און ליידיקגייער פֿון דער וועלט, ווייס איך נאָך ניט דאָס גאַנצע וואָרט. איך האָב זיך נאָך אַ ביסל ניט דערטראַכט. אָבער ווייסן ווייס איך אַן אַנדער וואָרט, וואָס איז זייער גוט פֿאַר אַלע אָרעמע און אַרבעטער אויף גאָרער וועלט. ווי נאָר איך וועל דאָס וואָרט אַרויסזאָגן, וועלן די נאָבל־לייט אין ערגעץ קיין סאָלדאַטן און קיין אַרבעטער פֿאַר זיך ניט געפֿינען. און ווייל זיי זיינען ניט קיין פֿאַרדינער, נאָר פֿאַרלעבער, וועלן זיי לאַנג ניט אויסהאַלטן.

פֿיל צי ווייניק צייט דערין, אָבער אין גיכן האָט זיך פֿאַרלאָפֿן פּונקט ווי לענין האָט געזאָגט. געקומען איז צו לענינען אַ רייטער, האָט אים געבראַכט אַ בריוול פֿון צאַר ניקאָליי. עס שרייבט אין אָט דעם בריוול ניקאָליי:

„אַזוי און אַזוי, לענין, דו האָסט מיך אָפּגענאַרט. האָסט צו־גענומען דאָס גאַנצע פּראָסטע פֿאָלק, און מיר האָסטו אַוועקגעגעבן ניט די פֿאַרדינער, נאָר די פֿאַרלעבער; ניט די שאַפֿער, נאָר די עסער. די גענעראַלן מיינע, די אָפֿיצערן, נאָבל־לייט קענען בלויז עסן און טרינקען און פֿאַשען זיך. די הערן־פּריצים ענדיקן שוין זייערע גוטע עסנס, זיי דערטראָגן שוין די קליידער זייערע, האָבן אַלץ צעריסן און פֿאַרשמירט. מיינע סאָכרים האָבן געהאַנדלט־געוואַנדלט — ניטאָ וועמען אָן די פֿויערים די סכוירע צו פֿאַרקויפֿן. די פֿאַבריקאַנטן מיינע האָבן אַלע מאַשינעס צעבראָכן, צעפּאַטערט, ווייל די הענט לייגן זיך זיי ניט צו דער אַרבעט. עס קומט ביי זיי גאָרניט אַרויס. און דאָס אַרבעטער־פֿאָלק פֿון פֿרעמדע לענדער וויל צו אונדז אויף דינסט ניט גיין, און ווייל עס האַלט שוין ביי אונדז כאָטש לייג זיך און שטאַרב, גייען אַצינד אויף דיר די גענעראַלן מיינע, אָפֿיצערן, נאָבל־לייט, קעדיי צוריק צו נעמען פֿון דיר דאָס גאַנצע האָרעפּאַשנע פֿאָלק.‟

און עס איז אַוועק אַ קריג צווישן די אַדל־לייט און דעם האָרע־פּאַשנעם פֿאָלק. אָבער לאַנג וועלן די נאָבל־לייט ניט אויסהאַלטן, ווייל געוואוינט זיינען גענעראַלן, אָפֿיצערן איידעלע באַפֿעלן צו סאָלדאַטן, שרייען, אַרמייען אַהין־אַהער וואַרפֿן, אָבער אַליין זיך שלאָגן זיינען זיי ניט געוואוינט, און לאַנג וועלן זיי ניט אויסהאַלטן.



ייצחאָק לייבעש פּערעץ

# האָפֿ און גלויב

● י. ל. פּערעץ

האָפֿ! ניט ווייט איז שוין דער פֿרילינג,
ס'וועלן שמעטערלינגען שפּרינגען!
נייע נעסטן, נייע פֿייגל
וועלן נייע לידער זינגען.

גלויב, די נאַכט וועט שוין פֿאַרשווינדן,
און די וואָלקנס אויך צערינען.
בלוי וועט ווייטער זיין דער הימל —
נייע שטערן, נייע זונען!

# אויף אונדזערע קוואָרים

● מ. ווינטשעווסקי

ווען די פרייהייט וועט זיצן געקרוינט אויפן טראָן
פון אַ גליקלעכער וועלט און אַ מענטשהייט פון ברידער;
ווען דער עמעס וועט האָבן אַ פּלאַץ אויבנאָן
און אין טהאָם וועט זיין אַלץ וואָס איז איר דערווידער;

ווען דאָס רעכט וועט געליבט זיין, דאָס אומרעכט — פאַרהאַסט,
און ווען קיינער וועט קיינעם ניט קויפן, ניט דינגען;
ווען דאָס טאָן וועט דעם טוער ניט זיין מער צו לאַסט
און ביים אַרבעטן וועט מען מיט פרייליכקייט זינגען;

ווען די ליבע וועט האָבן פאַרניכטעט דעם האַס,
און דאָס גליק וועט פאַרטיליקן קינע און פיינטשאַפט,
ווען די גאַסן אין שטאָט און די הייזער אין גאַס
וועלן פול זיין מיט איניקייט, ליבע און פריינטשאַפט —

דאַן וועט זיצן אַמאָל אין אַ ליבלעכן קרייז
פון צופרידענע קינדער, געבאָרן אין פריידן,
אַ געלערנטער מאַן, אַ דערפאַרענער גרייז,
וועלכער וועט זיי דערציילן פון אונדזערע ליידן:

ווי מיר האָבן געליטן מיט דוירעס צוריק,
ווי מיר האָבן אָן אויפהער געקעמפט, וועט ער מעלדן,
ווי עס האָבן געוואָרגן די טליעס, די שטריק,
די אַמאָליקע ערלעכע, מוטיקע העלדן.

און די גליקלעכע קינדער, פאַרזאַמלט אין קרייז,
וועלן אויפשטיין גערירט פון דעם זיידעניום ווערטער,
וועלן דריקן די האַנט דעם זאָקן, דעם גרייז
און דאַן לויפן באַזוכן די הייליקע ערטער —

וואו עס רוען די קעמפער פון היינטיקן דאָר,
וואָס דער טויט נאָר אַליין האָט געקענט זיי באַצווינגען —
און באַגייסטערטע קינדערשע שטימען אין כאָר
וועלן דעם אָנדענק מיט ליבע באַזינגען...




# ביראָ-בידזשאַן

● י. פּאַפּערניקאָוו

אויף ביראָ-בידזשאַנער פעלדער,
אויף ביראָ-בידזשאַנער ערד,
זיצן יידן אויף אַ טראַקטער,
יידן צוויי מיט גרויע בערד,
יידן, שוין באַיאָרנטע יידן
און פון ווינט און זון פאַרברענט,
און צופרידן, וואָס דער טראַקטער
גייט אין דינסט פון זייערע הענט.

רופט זיך אָפּ איין ייד צום צווייטן:
— האָסטו ווען געכאָלעמט, האַ?
אַ מעלאַמעד און אַ קרעמער —
אויף אַ ריזיק פעלד אַזאַ?

דו געדענקסט די נויט און טרויער
אין אַלטן שטעטל, האַ?

אויף בירָא-בידזשאַנער פעלדער,
אויף בירָא-בידזשאַנער ערד,
רייטן צוויי בערדיקע יידן
אויף צוויי אויסגעשפּאַנטע פערד:
רייטן טראָט ביי טראָט צעפלאַמטע
קעגן רויטלעכן פאַרנאַכט —
יידן-פּויערים נאָך דער אַרבעט,
ווי צוויי זיגער נאָך אַ שלאַכט.

רופט זיך אָפּ איין ייד צום צווייטן:
— וואָלסט אַ מאָל געגלויבט דאָס, האַ!
אַ לאַטוטניק און אַ בעדער —
אויף אַ גאָלדן פערד אַזאַ?
דו געדענקסט די נויט און טרויער
אין אַלטן שטעטל, האַ?

אויף בירָא-בידזשאַנער פעלדער,
אויף בירָא-בידזשאַנער ערד,
לערנען זיך מענאַכעם-מענדלס —
יידן עלטערע מיט בערד;
לערנען — ווי פון לופט-פּאַרנאָסעס
אָנהויבן צוריק אויפס-ניי —
פּראָדוקטיוו-זיין, קאָלעקטיוו-זיין
און געזונט און לעבן פריי.

רעדן צווישן זיך די יידן:
— ווי געפעלן אייך דאָ, האַ —
די קאָלווירטן און קאָלכאָזן,
און אין זיי — אַ פרייד אַזאַ;
מעג מען אַזאַ היים ניט ווינטשן
אַלע וואַנדער-יידן, האַ?

# אַ פּאַרפּלייצונג

● מ. גאָלדשטיין

1

זיבעציק טויזנט פּוד — דאָס איז געווען דער פּלאַן. אַרום דעם דאָזיקן ציפער האָט זיך איצט אַלצדינג געדרייט. דער פּלאַן האָט געמוזט אויסגעפּילט ווערן. מיטן אויספּילן דעם פּלאַן האָט מען זיך געדאַרפט צואיילן, באַזונדערס איצט, ווען די יעדיעס וועגן אָנקום פון דער פּאַרפּלייצונג זיינען שוין ניט געווען בלויז קלאַנגען, וואָס פּאַרביי־פּאָרנדיקע פישער האָבן פּאַרשפּרייט: אין די אַרומיקע קאָרייאישע יישואווים איז שוין געגאַנגען אַ גיכע פּאַרהיטונג־אַרבעט. אַ סאַך פון זיי האָבן איבערגעטראָגן די געלעגערס פון די הויכע הייזלעך איבערן וואַסער אויף די בוידעמער.

— עס קאָן אַ ליאַדע מינוט אַזאַ פּלייץ טאָן, אַז זאָלסט ניט באַווייזן דאָס העמד כאַפּן! שפּילט זיך ניט מיטן אַמור, קינדערלעך! איי איז דאָס אַ וואַסערל, איי אַ וואַסערל! — האָט געוואָרנט אַן אַלטער קאָרייער.

— נאָך אַכט גוטע, זוניקע אַרבעט־טעג און מיר זיינען געראַטעוועט — זאָגט פּריילעך ריווקין שטייענדיק אין דער הויך אויפן סטויג און אַרומנעמענדיק מיט זיין בליק אַלע סטויגן, וואָס וואַקסן אָן מיט איבערראַשנדיקער גיכקייט און ער קוקט דאָך מיט פּאַכעד אויפן ברייטן, אויפגעשוואָלענעם, אָנוואַקסנדיקן בויך פון אַמור.

און אָט האָט זיך דער אַמור אין איינעם אַ פּאַרטאָג טאַקע אַ הייב געטאָן. דער אַמור האָט דאַן אויסגעזען, ווי מען זאָל אים ביינאַכט האָבן אַריינגעגאָסן אַ יאַם וואַסער. ער איז ברייט אויסגעוואַקסן און באַדעקט זיך מיט אַ שטורעמדיקער שוים. אַ פּאַכעד האָט שוין איצט אַלעמען אַרומגעכאַפּט. געשרייען האָבן זיך דערהערט. נאָך ריווקינס כעזשבן איז נאָך געבליבן אַרבעט אויף זעקס טעג, און טעג זיינען דאַפּקע געשטאַנען שיינע, זוניקע. דער הימל איז געווען לויטער, נאָר וואו ניט וואו איבער די בערג האָבן אַרומגעשוועבט ווייסע וואָלקנדלעך, וואָס האָבן פון צייט צו צייט אָנגענומען אַ דראָענדיקן אָראַנזשעווען קאָליר. געאַרבעט האָט מען איצט נאָך מער אָנגע־

שטרענגט. מינוטן בלויז האָט מען אָפּגערוט. מ'האָט געאַרבעט פון גאָר פרי ביז טיפער נאַכט. איין פאַרלאַנג איז ביי אַלעמען געווען, ענדיקן וואָס פריער דעם פאַרגעבענעם פלאַן, אַרויספירן די קאָמונע פון געפאַר און אַוועקפאָרן, איידער ס'וועט אָנקומען די פאַרפלייצונג.

## 2

ס'איז געווען פאַרנאַכט נאָך אַ שווערן אַרבעט-טאָג. מען איז געזעסן ביי שיסלעך עסן און פויל געקייט. די אויגן האָבן גע־בלאַנדזשעט איבערן אַמור. דער טייך האָט בייז געטראָגן זיינע צע־ווילדעוועטע שטורעמדיקע וואַסערן. דער טייך האָט זיך געשפּילט מיט ריזיקע שטיקער ווייסער שוים.

און דעמאָלט האָט זיך ריווקין אויפגעשטעלט, אויפגעהויבן זיין האַנט.

ביים ברעג איז געוואָרן שטיל. ס'האָט זיך נאָר געהערט דעם אַמורס רעווען און דאָס אָפּגעהאַקטע, פוילע כראָמטשען פון די פערד. ריווקין האָט אויפגעהויבן די אויגן און דערזען, אַז אַלע קוקן אויף אים. ער איז געווען פריילעך היינט, ריווקין, ווייל מען האָט אַזויפיל אַרבעט אָפּגעטאָן. און אָט אַזוי פריילעך, שמייכלענדיק, ווי ער וואָלט דערציילן פון גאָר פריילעכע נייעס, הייבט ער אָן דערפון, אַז דער אַמור הייבט זיך פון שאָ צו שאָ, נאָך אַ פאָר טעג — און דער אַמור וועט דורכרייסן די ברעגן פונעם אינדזל. פרידן האָט מען אַוועקגעשיקט נאָך אַ רעטונג־שיפל פאַר די פערד מיט די מאַשינעס: די מענטשן וועלן זיך אַריבער־שיפלען איבערן אַמור און וועלן זיך אַהיים לאָזן צופוס. — ער רעדט לעבעדיק, ווי ער וואָלט איבערגעלייענט אַ פּראָגראַם פון עפּעס אַ פייערונג.

— לאַנג בלייבן דאָ קאָנען מיר ניט — זאָגט ער — די פישערס וואָרענען און מיר מוזן זיך צו זייערע רייד צוהערן. זיי זיינען דאָ שטענדיקע איינוואוינער, זיי ווייסן שוין פון פאַרפלייצונגען. זיי זאָגן, אַז אין פיר טעג אַרום וועט דאָס וואַסער דעם גאַנצן אינדזל פאַרגיסן, נאָר דאַן וועלן מיר שוין דאָ ניט זיין. מיר וועלן אונדזער אַרבעט פריער ענדיקן. פאַר דער פאַרפלייצונג האָבן מיר ניט קיין מוירע. אונדזער פלאַן וועט זיין אויסגעפילט. די סטויגן וועט דאָס וואַסער

ניט שאַטן. זיי שטייען אויף הויכע ערטער. — ער רעדט איצט גיך, ס'איז יעדע רעגע אַ שאָד. אַלע קוקן אים אָן און ער זעט ווי עס וואַקסט אָן דער צוטרוי צו זיינע רייד.

— האָט די קאָמיטע באַשלאָסן אַהיים צו שיקן די מענטשן, וואָס פילן זיך שוואַך ביים איצטיקן מאָמענט און האָבן מוירע צו בלייבן אויפן אינדזל, ווען ס'שטייט פאַר אַ געפאַר. מיר דאַרפן נאָך אַרבעטן, נאָר מיר צווינגען ניט קיינעם. יעדער איינער איז אַ קאָמונאַר און יעדן איינעם דאַרף זיין ליב זיין ווירטשאַפט, יעדן איינעם דאַרף זיין ליב זיין נייע היים, וואָס ער בויט זיך אין טייגע מיט זיין שווייס, מיט זיין ערלעכער מי... דעריבער ווילן מיר שטעלן צום אָפּשטימען, ווער איז פאַר בלייבן אויפן אַמור, ביז מיר וועלן ענדיקן די אַרבעט?... ווער איז קעגן?... דאָס הייסט, ווער וויל שוין אַוועקפאָרן?...

ס'האָבן זיך אויפגעהויבן צוויי הענט, וואָס האָבן זיך גיך־גיך פאַרשעמט צוריק אַראָפּגעלאָזט.

## 3

עס אַרבעט זיך איצט מיט נאָך מער ברען, איצט ווענדט זיך דאָס פריע אָפּפאָרן אָן די אייגענע הענט. איצט האָבן זיך אַלע פאַר־מאָסטן: ענדיקן איידער דער אינדזל ווערט פאַרגאָסן.

קליינע טייכלעך האָבן גענומען אויסוואַקסן אונטער די פיס. פאַר־טאָג איז דאָס וואַסער געווען נאָר ביז די קנעכלעך און פאַרנאַכט — אַריבער די קני. די טאָלן אויפן אינדזל פילן זיך אָן. דאָס וואַסער שלאָגט אַרויף ווי פון אַ סאַך אונטערערדישע קוואַלן, פּלוצלונג וואַקסן זיי אָן, די טייכעלעך, און אַלע וואונדערן זיך: פון וואַנען נעמען זיי זיך אַזויפיל? ווי גיסן זיי זיך אָן?

ריווקין איז ביינאַכט ניט געשלאָפן. ער איז געזעסן און געקוקט צו די בערג, וואָס הילן זיך אין גרויען, צום אַמור, וואָס הייבט זיינע וואַסערן מיט ווילדער גיכקייט. איין ברעג פון אינדזל איז שוין דורכ־געריסן און דאָס וואַסער האָט זיך ברייט צעגאָסן און פאַרשלונגען אַ שטיק פעלד. דאָס איז געשען מאַמעש פאַר ריווקינס אויגן. „גוט, וואָס ניט אין דער צווייטער זייט" — טראַכט ער — „דאָרט דאַרף מען נאָך מאַרגן גיין אַרבעטן, דאָרט דאַרף מען נאָך סטויגן שטעלן."

רובינען האָט זיך אויך ניט געשלאָפן. ער איז אויך אַוועק צום ברעג. דערזען דאָרטן ריווקינען, איז ער צו אים צוגעגאַנגען.

— ס׳הייבט זיך? — פרעגט רובין.

— דורכגעריסן דעם ברעג.

— וואָס?! וואו?!

— אָט, לינקס.

— נו?!

— גאָרניט.

— אַרבעטן וועט מען נאָך קאָנען?

— אַרבעטן איז שוין איצט אַ קלייניקייט. וועט זיין מיט דריי טויזנט פּוד היי ווייניקער, און עפּשער וועט מען זיי נאָך קאָנען מאָרגן פרי אויפשטעלן. נאָר מיך באַאומרואיקט, וואָס פריד איז נאָך ניטאָ, די פּופּצן פערד שרעקן מיך און דאָס וואַסער גייט מיט געיעג. מען מוז וואָס פריער אַוועק פון דאַנען, ס׳קאָן זיך ענדיקן שלעכט.

זיי האָבן זיך אַראָפּגעזעצט ביים ברעג און האָבן זיך צוגעקוקט צום לויפן פון וואַסער: כוואַליעס האָבן געיאָגט איינע די אַנדערע, אָנגעוואַלגערט זיך איינע אויף דער אַנדערער, אויפגעשטעלט ריזיקע וואַסער־בערג, געגראָבן גריבער און טהאָמען, צעשפּאַרט די זייטן פונעם ברייטן שטורעמדיקן אַמור.

## 4

פאַרטאָג איז דער אַמור געוואָרן רואיקער. דער גרויער נעפּל פון די בערג איז צעגאַנגען און די זון איז אַרויסגעקראָכן פון הינטער די בערג. ריווקין האָט זיך אַ זעץ געטאָן אויפן פערד און האָט זיך אַוועק־געלאָזט אַ קוק טאָן, צי קאָן מען נאָך אַרבעטן. זיצנדיק אויפן פערד האָט ער דערזען די טייכלעך, וואָס זיינען איבער נאַכט צוגעקומען אויפן אינדזל און די, וואָס זיינען שוין פון פריער געווען, האָבן זיך אַזוי פאַרגרעסערט, אַז נאָך איין טאָג וועלן זיי זיך אַלע פאַרייניקן און פאַרגיסן קימאַט דעם גאַנצן אינדזל.

— כעוורע! — שרייט ריווקין — ס׳פאַרגיסט דאָס געצעלט. דאָס וואַסער קריכט פון די זייטן. די מאַשינעס לאָמיר צושלעפּן צו די ביידלעך. ביי די פערד דאַרף מען אַ וואַך אַוועקשטעלן.

שלעפּט מען די מאַשינעס צו די ביידלעך און מע קוקט מיט כשאַד אויפן אַמור. און דער אַמור איז רואיק, שטורעמט ניט, אַ גלאַטיקע אויבערפלאַך ליגט צעשפּרייט ווי אַ גלאַטיק שטיק פלאַכלאַנד. נאָר

די זײַטן געשווילן אָן. איצט דאַרף מען שוין ניט אַראָפּגיין צום ברעג נעמען וואַסער, אָדער וואַשן זיך. איצט איז גענוג אויסצוציען די האַנט, דערלאַנגט מען דעם אַמור.

בײַנאַכט האָט די וואַך אָנגעזאָגט:

— דער אַמור האָט זיך צעשטורעמט, ס'רײַסט שטיקער פֿון ברעג. ווילדע ציגן קומען אָן צו לויפֿן פֿון די בערג. דער אַמור האָט דורכ־געריסן דעם צווייטן ברעג. דאָס וואַסער שטײַגט און פֿאַרגיסט דעם גאַנצן אינדזל!

דער אַמור האָט ווירקלעך געריסן די ברעגן. פֿון די דורכגעריסענע ברעגן האָט זיך דאָס וואַסער געצויגן צו די ביידלעך. דער גאַנצער אינדזל האָט איצט אויסגעזען ווי אַ גרויסער טײַך און אויפֿן טײַך שטייען סטויגן היי. די קאָמונאַרן מיט די פֿערד מיט די מאַשינעס זײַנען געבליבן אויף אַ שמאָל פּאַסיקל ערד. אַרום און אַרום איז וואַסער. אָט־דאָס פּיצל ערד איז דאָס העכסטע אָרט פֿון אינדזל. נאָר דאָס פּיצל ערד ווערט אַלעמאָל שמעלער און קירצער. פֿון דריי זײַטן קריכט דאָס וואַסער און פֿון דער פֿערטער זײַט רײַסט דער אַמור דעם ברעג.

ריווקין האָט גערופֿן אַ פֿאַרזאַמלונג און מ'האָט באַשלאָסן, אַז בלײַבן וואַרטן אויף דער שיף, וואָס זאָל אָוועקפֿירן די פֿערד, זאָלן בלויז ריווקין, רובין, פֿייווקע און זלאַטקין. די אַנדערע האָט מען באַ־שלאָסן טייקעף אָפּשיקן. מיט די אַוועקגעשיקטע מענטשן האָט מען איבערגעגעבן: דער טאַרעבאַרעווער אינדזל איז קימאַט ווי פֿאַר־פֿלייצט. אויפֿן אינדזל זײַנען געבליבן פֿיר קאָמונאַרן מיט פֿופֿצן פֿערד. זיי געפֿינען זיך אויפֿן לעצטן פּיצל טריקעניש. אַרום און אַרום איז וואַסער. דער אַמור שטורעמט. אויב מע וועט ניט אָננעמען קיין עקסטראַ מיטלען, וועלן די מענטשן מיט די פֿערד אומקומען.

די פֿיר קאָמונאַרן, וואָס זײַנען געבליבן זיצן אויפֿן פּאַסיקל ערד, וואָס ווערט אַלץ שמעלער און שמעלער, קוקן נאָך דאָס גיכע מאָטאָר־שיפֿל און הערן זיך צו מיט בענקשאַפֿט ווי דער מאָטאָר־רויש פֿאַלט און לעשט זיך, ווי דאָס שיפֿל פֿאַרשווינדט אין דער ווײַט. די קאָמונאַרן וואַכן בײַנאַכט אַלע פֿיר, בײַטאָג שלאָפֿט מען לויט דער ריי. אַלע וואַכן זיי בײַ די פֿערד. מע היט די פֿערד, פֿון די פֿערד וועט מען ניט אָפּטרעטן.

— כ׳האָב באַטראַכט אָט וואָס — זאָגט ריווקין — די פערד וועלן מיר צובינדן צום סטויג און מיר אַליין וועלן אַרויפקריכן אויפֿן סטויג.
— דו פֿאַרנעמסט זיך דאָ צו ווינטערן? — פרעגט פּיוווקע.
— ניין, ניט ווינטערן, נאָר די פערד וועלן מיר דאָך דאָ ניט לאָזן.
— געוויס ניט.
בלייבט מען זיצן און מע קוקט אויפֿן אַמור. און דאָס פּאַסיקל ערד ווערט אַלץ שמעלער און שמעלער. דער אַמור רייסט שטיקער פֿון ברעג. און קיין שיף זעט מען ניט. הינטער די בערג שפּאַלטן זיך הימלען און די בערג ציטערן.
פֿאַרנאַכט האָט מען באַמערקט אַ רויך אויפֿן אַמור. אַ שיף האָט געשניטן דעם אַמור אַראָפּ־וואַסער צו כאַבאַראָווסק צו. רובין האָט געגעבן אַן אייצע: אַריינלייגן אַ צעטעלע אין אַ פלאַש און לאָזן שווימען צו דער שיף...
— דיין אייצע — האָט פּיוווקע געזאָגט — איז אַ גרויס־שטאָטישע און גאָר אַ וואַזשנע, נאָר אויפֿן צעטעלע שרייב אָן דעם אַדרעס פֿון דער שיף, די פלאַש זאָל ריכטיק אָנקומען...
פּיוווקע האָט געפֿונען אַן אַנדער מיטל. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ שטיק בלעך, גיך אויסגעדרייט אַ טרובע, אַ נעם געטאָן ריווקינען אויף די אַקסלען און געהייסן אַריינשרייען:
— מ׳דאַרף שיקן אַ שיף, ראַטעווען פּופּצן פערד און קאָמונאַרן!...
ס׳האָט אויסגעזען ווי די שיף וואָלט פֿאַרקלענערט דעם גאַנג און אָנגעשפּיצט די אויערן. אויפֿן דעק פֿון שיף זיינען מענטשן אָנגעלאָפֿן. זיי האָבן געקוקט צום פֿאַרטרונקענעם טאַרעבאַרעווער אינדזל, אַרויס־געכאַפּט פֿון די קעשענעס פּאַפּיר, בלייפֿעדערס און זיך פֿאַרשריבן.
— זיי האָבן געהערט?
— זיי האָבן, דוכט זיך, פֿאַרשריבן!
— הוראַ, פּיוווקע, הוראַ!
אין מיטן טאָג האָט מען דערהערט דאָס איינטאָניקע, נאָר זייער פריילעכע אָטעמען פֿון אַ שיפֿל. ס׳איז פּונקט געווען אין דער צייט, ווען אויפֿן אַמור האָבן זיך ווידער באַוויזן ווייסע שטיקער שוים. דאָס וואַסער האָט שוין געהאַט אונטערגענעצט די ביידלעך. לענגער בלייבן אויפֿן פּאַסיקל ערד, וואָס איז שוין אויך באַלד פֿאַרטרונקען געוואָרן, האָט מען ניט געקאָנט און די קאָמונאַרן האָבן זיך געגרייט אַרויפֿ-

צוקריכן אויפן סטויג...

— ס׳קלאַפּט אַ מאָטאָר! — האָט זלאַטקין, וואָס האָט נאָכגע־שפּירט די באַוועגונג פון דער לופט, אויסגעשריען.

אַלע האָבן זיך אַ כאַפּ געטאָן. די פערד האָבן אויך אויפגעהויבן די קעפּ און אָנגעשטעלט די אויערן.

— אַ מאָטאָר!

— מען איז געראַטעוועט!

— ציימלען די פערד!

זיי האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צו די פערד און זיינען גרייט געווען קושן זיי אין די אויסגעשטרעקטע מאָרדעס אַריין. דאָס פרייִלעכע קלאַפּערײַ האָט זיך דערנעענטערט.

— היי! היי! — האָט זיך דערטראָגן פון שיפל אַ געשריי.

— פריד...

— יאָ, ער...

— צושלעפּן נעענטער די מאַשינעס! — שרייט ריווקין און ער גיט זיך אַליין אַ שפּאַן אין אַ שנייד־מאַשין און שלעפּט צום ברעג.

זיי האָבן געשלעפּט די מאַשינעס און די אויגן אָנגעהאַנגען אויפן שיפל, וואָס האָט געאײַלט צו זיי.

— קיין שום מאַשינען! — שרייט צו זיי פריד — דעם לעבעדיקן אינווענטאַר בלויז.

בינדט מען פעסט און שטאַרק די מאַשינען צום סטויג, מען פאַר־קרעמפּעוועט זיי מיט קייטן און מיט שטריק. און אַרויפפירנדיק די פערד אויף דער ברייטער פּלאַטפאָרמע פון שיפל, לאָזט מען זיך שניידן דעם אַמור אַראָפּ וואַסער.

דאָס היי איז געראַטעוועט און קיין פּאַשע וועט שוין הייִנטיקן ווינטער ניט פעלן.

# בען לײדער

● בעצאַלעל פרידמאַן

קינדערלעך, קינדער
געזונט זאָלט איר זײַן,
אַ מײַסעלע הערט
װעגן סקול הונדערט-נײַן!

פון יענער זײַט יאַם
איז געקומען אַהער
אַ ײדישער ײנגל —
(ער לעבט שױן ניט מער)

געקומען פון אַלטן,
דעם צאַרישן לאַנד,
װאו ס׳לעבן פון ײדן
געװען איז צו שאַנד.

ער האָט זיך געלערנט
בײַ אײַך אין דער סקול —
דו אָדער ער, דאַכט זיך,
זיצט אױף זײַן שטול...

— װאַשינגטאָן, לינקאָלן
אַנטקעגן ער זעט;
זײ קוקן אױף אים,
װי זײ װאָלטן גערעדט...

אָט גײען זײ בײדע
אַראָפּ פון דער װאַנט...
און נעמען אים פירן
געטרײַ פאַר דער האַנט...

גײען זײ, גײען
דורך טײַכן און שטעט,

און דאָס ייִנגעלע הערט,
און דאָס ייִנגעלע זעט:

:: :: ::

ס'ברענען די פעלדער,
ס'פלאַקערט די ערד —
וואַשינגטאָן יאָגט זיך
פאָרויס אויף זיין פערד.

און ווער עס דערזעט אים,
און ווער עס דערהערט,
לאָדט אָן זיין ביקס
און שאַרפט אָן זיין שווערד...

און ס'ברענען שוין שלאַכטן
אויף לעבן און טויט
פאַר אייגענעם לאַנד
און פאַר אייגענעם ברויט!

עס שלאָגט זיך דאָס פאָלק
קעגן פיינט און געווינט!
און דער סוינע אַנטלויפט,
און דער סוינע אַנטרינט!

גייט וואַשינגטאָן זיגרייך
אַראָפּ אויף דער ערד
און זאָגט צו דעם ייִנגל:
— איך שענק דיר מיין פערד.

טראָגט זיך דער ייִנגל
ווייטער און ווייט
אויף וואַשינגטאָנס פערד
אין אַ נייערער צייט.

:: :: ::

פעלדער און פעלדער
מיט באַוול און ווייץ,

נאָר ס׳וויקט זיך די ערד
אין טרערן און שוויס.

טרערן פון נעגער,
זיין ווייב און זיין קינד —
שטעלט אָפּ זיך דער יינגל
און הערט, ווי עס ר׳ינט...

נאָר לינקאָלן פּלוצלונג
לויכט אויף ווי אַ בליץ —
דער יינגל דערזעט,
ווי ער שטייט און באַשיצט!

און לינקאָלנס האַנט
איבער פעלדער זיך שפּרייט,
ברעכט און צערייסט
די בייטש און די קייט!...

און איבער די פעלדער
דערהערט זיך אַ פרייד —
און נעגערן גלייכן זיך אויס
און מע גייט!...

און מע גייט און מע זינגט,
און מע זינגט און מע שפּאַנט —
אַפריער פירט לינקאָלן
דעם יינגל פאַר אַ האַנט...

און ס׳זאָגט צו אים לינקאָלן:
ועסט וואַקסן אַ העלד!
גיי העלפן באַפרייען
די גאַנצענע וועלט!

לאָזט זיך דער יינגל
פאָרויס און פאָרויס,
און גלייך מיט די הענט
וואַקסן פליגל אים אויס!...

און ס׳טראָגט זיך דער ייִנגל
שווין הויך אין דער לופט,
מיט אָפּענע אויערן:
עמעצער רופט?...

האָט אים אַמאָל
אַזאַ שרעקלעכע נאַכט
אַ פינצטערע בשורה
אין אויער געבראַכט:

באַפאַלן אַ לאַנד
איז אַ שרעקלעכער פײַנט —
ווערט פינצטער, ווי זון
וואָלט מער ניט געשײַנט...

ס׳פלאַקערן פעלדער,
ס׳ברענען די שטעט —
דער ייִנגל אין פלאַמען
דעם סוינע דערזעט!...

וואַרפט אויפן פײַנט זיך
דער ייִנגל אין שלאַכט —
אָן עסן בײַטאָג,
אָן שלאָף אין דער נאַכט.

העכער פון ווינטן
און שנעלער פון בליץ —
ס׳האָט מאַמעס און קינדער
דער ייִנגל באַשיצט!...

:: :: ::

געווען איז אַ ייִנגל
מיט פליגל אויף הענט . . .
. . . אין אײַערע אויגן
זײַן פײַערל ברענט!...

# לופו און יאַקאָב

● י. מעצקער

## 1.

די קליינע קינדער־שול אין דייטשן דאָרף וואַלדהיים שטייט הינטערן וואַלד אויף אַ בערגל, אַן אויסגעפּוצטע מיט העל־גרינע ווענט און אַ רויטן דאַך. אויפן דאַך איז דאָ אַ טורעם און אין דעם טורעם וואוינען טויבן. איבערן טורעם הענגט דער שול־גלאָק. צום גלאָק איז ביז ערשט ניט לאַנג געווען צוגעבונדן אַ לאַנגער שטריק, וואָס האָט זיך געצויגן ביז צו דער ערד. ביז ערשט ניט לאַנג האָט די שול געהאַט אַ רויטן וואָלף־הונט פאַר אַ היטער. לופּו האָט ער געהייסן. דער הונט לופּו האָט ניט נאָר געהיט די געביידע. ער האָט אויך אין די אינדערפריען מיט די ציין געצויגן דעם שטריק פון גלאָק און מיט אַ פריילעך קלינגען גערופן די וואַלדהיימער קינדער אין שול אַריין.

אין דעם יאָר ניינצן־הונדערט־דריי־און־דרייסיק האָבן אין דער שול פון דעם קליינעם דאָרף געלערנט זעכצן קינדער. דער עלטסטער פון זיי איז אַלט געווען ניין יאָר. די עלטערע קינדער פון וואַלדהיים האָבן געלערנט אין שכייניש שטעטל. לופּו האָט אַלע זעכצן געקענט ביי די נעמען און אויך ביי די צונעמען. ער האָט געקענט דעם העל־פאַנט פראַנץ ווערנער מיט די צוויי גרויסע ציין פון פאָרנט, די וועווערקע ליזל שרעדער, די בעסטע קריכערין אויף ביימער, דעם קאָטער קורט שולץ מיט די קעצישע גרויע אויגן, דעם קליינעם זינג־פויגל יאַקאָב אַשקענאַזי, וואָס האָט געקענט נאָכזינגען אַלע פייגל, די ווייסע טויב מיצי מיט אירע שיינע העלע האָר, דעם לייב האַנס, דעם גרעסטן און שטאַרקסטן פון אַלע שילער, און אַזוי אַלע און אַלע.

לופּו, די שול־קינדער און אויך די לערערין זיינען שטענדיק געווען מונטער און פריילעך. ביז — עס איז צו זיי פּלוצלונג געקומען צו גיין אַ פרעמדער מאַן אין אַ ברוינעם אוניפאָרם.

## 2.

עס איז געווען אין פרילינג. אַ ליכטיקער פרימאָרגן. דאָס דאָרף איז געווען באַדעקט מיט בליאונג פון פרוכט־ביימער, ווי מיט שניי.

דער וואַלד הינטער דער שול איז געווען איינגעהילט אין געדיכטער גרינקייט. לופו האָט געוויגט דעם גלאָק און די שילער מיט די שול-ראַנצן אויף די פּלייצעס האָבן צום טאַקט פון קלאַנג געשפּאַנט צום שול-בערגל און אויסגעזונגען אַ פרילינג-ליד.

לופו האָט פון דערווייטנס געהערט דאָס פריילעכע קאָל פון זיינע פריינט און שטאַרקער און שנעלער גענומען ציען דעם שטריק. נאָך פון דערווייטנס האָט ער מיט זיינע קלוגע אויגן ווי איבערגעציילט די קינדער. ווען ער האָט געזען, אַז אַלע שילער זיינען שוין דאָ, האָט ער אויפגעהערט קלינגען און באַגלייט די זינגענדיקע מאַכנע ביז צו דער שול-טיר. דאָרטן האָט ער זיך צוגעזעצט אויף זיינע הינטערשטע פיס, אויסגעבויגן דעם קאָפּ אין אַ זייט, אָנגעשפּיצט דאָס רעכטע אויער און זיך גוט צוגעהערט ווי אַזוי יעדעס קינד ענטפערט אויף דער לערערינס פראַגן.

פּלוצלונג איז ער אויפגעשפּרונגען פונעם אָרט. עפּעס אַ פרעמדער, אָנגעטאָן אין אַ ברוינעם אוניפאָרם און אין ברוינע שטיוול איז צו-געקומען צו דער שול. אונטערן אָרעם האָט ער געטראָגן אַן איינ-גערעמטע גרויס בילד. נאָך איידער לופו האָט זיך רעכט אַרומגעקוקט איז דער פרעמדער שוין געווען אין שול. לופו האָט גיך אָפּגעשטופּט די אָפן געלאָזטע טיר און אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין שול אַריין. ער האָט נאָכגעקוקט דעם פרעמדן, וואָס איז גלייך צוגעגאַנגען צו דער לערערין און איר דערלאַנגט עפּעס אַ פּאַפּיר.

די לערערין האָט גענומען דאָס פּאַפּיר פון דעם פרעמדן, עס אָנ-געהויבן לייענען און איר פּנים איז שטאַרק בלאַס געוואָרן. איר האַנט, וואָס האָט געהאַלטן דאָס בלאַט, האָט אָנגעהויבן ציטערן. אין מיטן לייענען האָט זי מיט טרויעריקע אויגן אַ קוק געטאָן אויף דעם קליינעם יאַקאָב אַשקענאַזי.

דער פרעמדער איז דערווייל געוואָרן היימיש אין שול. אין דער צייט וואָס די לערערין איז געווען פאַרטאָן אין פּאַפּיר האָט ער פון אַ וואַנט אַראָפּגענומען אַן אַלטע דייטשע מאַפּע און אויף דעם אָרט אויפגעהאַנגען דאָס בילד, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט. לופו און די קינדער האָבן מיט גרויס נייגעריקייט גענומען באַטראַכטן דעם מענטש אין רעמל, וואָס האָט פון דער וואַנט צו זיי אַראָפּגעקוקט מיט צוויי בייזע אויגן און מיט אַ פּאָר קליינע שוואַרצע וואָנצעס. די וואָנצעס

האָבן די קינדער דערמאָנט אַן אַ מייזעלע, וואָס האָט אין מיטן לויפן זיך פאַרטשעפּעט אין דער גראָבער נאָז און געבליבן ליגן ווי צו־געקלעפּט. דאָס מויל פון דעם מענטשן אויפן בילד איז געווען פאַר־מאַכט און פאַרביסן. דער פרעמדער אין אוניפאָרם האָט זיך געלאָזט גיין צו דער פּלאַטפאָרם. פון דער פּלאַטפאָרם האָט דער פרעמדער מיט אַ פינגער אָנגעוויזן אויפן בילד און עפּעס גערעדט און גערעדט. לופּו איז שטיל געבליבן און געקוקט גלייך אין דעם רעדנדיקן מויל אַריין.

די קינדער האָבן ווייניק וואָס פאַרשטאַנען פון דעם פרעמדנס ווערטער. זיי האָבן בלויז אויפגעכאַפּט די ווערטער — „אונדזער פירער". ביים קליינעם יאַקאָב האָבן אין געדאַנק זיך אויך אָפּגעשטעלט די ווערטער — „יודען" — און „יידיש". געַנוי וואָס די ווערטער מיינען האָט ער ניט געוואוסט. ער האָט זיך אָבער דערמאָנט, אַז די מאַמע האָט ערשט דאָ ניט לאַנג געזאָגט, אַז ער און די גאַנצע פאַמיליע אַשקענאַזי זיינען „יודען" און אַז זיי זיינען אַלע „יידיש".

נאָכן רעדן האָט דער פרעמדער אויסגעשטרעקט זיין רעכטע האַנט פונקט אַנטקעגן בילד. לופּו איז געוואָרן אויסער זיך ווען ער האָט דערזען ווי אַלע קינדער שטעלן זיך אויף און צוזאַמען מיט דער לערערין טוען זיי נאָך דעם פרעמדן. די שילער מיט דער לערערין האָבן זיך אויסגעדרייט מיט די פּנעמער צום בילד, אויסגעצויגן די רעכטע האַנט פאַר זיך און אַלע ווי איינער אויסגעשריען:

— הייל!

נאָך דעם סאַלוט האָבן די שילער זיך צוריק אויסגעזעצט און מיט אָפענע מיילער און פינטלדיקע אויגן געקוקט אַרום זיך. די לערערין האָט זיך אויסגעהוסט און קלאַמערשט אין אַ שטרענגן טאָן זיך אָנגערופן:

— אין אונדזער שול ווערט היינט איינגעפירט אַ געזעץ פון ראַסן־ריינקייט. דער איינציקער פון אונדזערע שילער וואָס איז ניט אַריש איז יאַקאָב אַשקענאַזי. ער ווערט דערפאַר אויסגעשלאָסן פון אונדזער שול.

די קינדער זיינען פון דער לערערינס רייד גאָר צעטומלט געוואָרן. וואָס „ראַסן־ריינקייט" איז און וואָס „אַריש" מיינט האָבן זיי ניט גע־וואוסט, זיי האָבן דאָך אָבער קלאָר געהערט, אַז דאָס איז וועגן דעם



זינג־פויגל יאַקאָב. און יאַקאָב, ווי נאָר ער האָט דערהערט זיין נאָמען, האָט ער אַ צעשראָקענער זיך אויפגעשטעלט. ער האָט אַפילו ניט איבערגעטראַכט וואָס די לערערין האָט נאָר וואָס געזאָגט, נאָר אַ צערודערטער מיט אַ שמייכל אויף זיינע ליפּן אָנגעהויבן שטאַמלען:

— איך . . . איך האָב מיין היים־אַרבעט, און דאָס וואָס מיר האָבן נעכטן געלייענט קען איך שוין אויסנווייניק.

— יאַקאָב — איז דער לערערינס קאָל געוואָרן ווייכער — גיי אַהיים און זאָג דיין טאַטע־מאַמע, אַז דו וועסט שוין מער ניט דאַרפן קומען אין שול אַריין.

— פאַרוואָס? — האָבן די קינדער שטום איינס ס'אַנדערע אָנגעקוקט און זייערע אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט טרערן.

דער קליינער יאַקאָב האָט אַ בליק געטאָן אויפן בילד, אויף דעם פרעמדן, וואָס האָט עפּעס פאַרשריבן אין אַ ביכל, און דערנאָך מיט גרויסע אויגן געקוקט אויף דער לערערין. עס איז אים פאָרגעקומען, אַז דאָס איז ניט די זעלביקע לערערין, וואָס האָט ערשט מיט אַ טאָג פריער אים געגלעט איבער זיין געקרויזט שוואַרץ קעפּל און אים געזאָגט, אַז ער איז אַ גוטער שילער, אַז ער וועט אויסוואַקסן אַ לייט.

— פאַרוואָס? — האָט ער געוואָלט פרעגן. עס איז אים אָבער אַזוי ענג געוואָרן אין האַלדז, אַז ער האָט קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסרעדן. ער האָט הילפלאָז אַ ווײַלע געקוקט אויף די שילער אַרום

זיך, דערנאָך גענומען זיין היטל, זיינע ביכער און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ אַרויסגעגאַנגען פון שול. ווען ער איז שוין געווען אויף דער שוועל האָט ער געהערט ווי עטלעכע קינדער האָבן זיך צעוויינט אויפן קאָל.

לופּו איז געשטאַנען ביי דער טיר און אַלץ צוגעקוקט. ערשט ווען יאַקאָב איז אַרויס אין דרויסן איז ער אים נאָכגעגאַנגען. — פאַרוואָס? — האָט דאָס שטומע באַשעפעניש מיט ליבשאַפט זיך געלאַשטשעט צו יאַקאָבן און אים באַשמעקט פון אַלע זייטן.

— איך ווייס ניט פאַרוואָס, לופּו. זאָג דו אַליין, האָב איך עפּשער אַמאָל פאַרשפּעטיקט? האָב איך זיך ניט גוט געלערנט? זע מיינע גוטע צייכנס אין העפט, לופּו.

דער פּרעמדער אין ברוינעם אוניפאָרם איז אַרויסגעקומען פון שול. יאַקאָב האָט פאַר דעם מענטשן איצט שוין מוירע געהאַט און ווי נאָר ער האָט אים דערזען, האָט ער זיך אויפגעהויבן פון דער ערד און זיך געלאָזט לויפן אַהיים. לופּו האָט אַ בייזער געברומט אויף דעם פרעמדן און איז צוגעלאָפן צום שטריק פון גלאָק. ער האָט מיט אַלע קויכעס זיך איינגעביסן אין דעם שטריק און מיט אַ שטאַרק קלינגען גערופן יאַקאָבן צוריק אין שול אַריין.

די לערערין איז באַלד אַרויסגעקומען. זי האָט עפּעס גערעדט צו לופּון און צו דעם פרעמדן אין אוניפאָרם. אָבער לופּו האָט איצט גאָרנישט ניט געהערט, נאָר געקלונגען און געקלונגען.

— אַך, דו יידישער הונט! — איז דער בייזער פרעמדער צוגעקומען צו לופּון און מיטן שפּיץ פון זיין ברוינעם שטיוול אים אַ בריק געטאָן אין בויך. דער הונט האָט מיט זיין גאַנצער רעציכע גענומען רייסן דעם שטריק. ער האָט געריסן אַזוי שטאַרק, אַז דער שטריק האָט זיך אָפּגעריסן פון גלאָק.

מיטן שטריק צווישן זיינע ציין, איז לופּו, אַ ווילדער, אַוועק מיטן פעלד-וועג. ער האָט אָנגעיאָגט יאַקאָבן, אים אָפּגעפירט אַהיים, און אַליין איז ער אַוועק אין וואַלד אַריין.

די שול אין וואַלדהיים איז געבליבן אָן אַ היטער און אָן אַ קלינגער. לופּו איז פון וואַלד שוין מער ניט צוריקגעקומען. און דער קליינער זינג-פויגל יאַקאָב זיצט אַ טרויעריקער אין דער היים און וואַרט, דער געטרייער הונט זאָל אים ווידער רופן אין שול אַריין.

# יוגנט־מאַרש

● נאָכעם יוד

אַ יאָנטעוו מאַכט אויף אַלע מערק
און פייערן צינדט אָן אויף בערג!
מיר קומען — שטורעמס אָן אַ צאַם,
פון לאַנד צו לאַנד, פון יאַם צו יאַם.
מיר קומען אָן!
מיר קומען אָן!

און פעסט און זיכער אונדזער טראָט!
מיר קומען אָן פון דאָרף און שטאָט,
מיט ליבע־פייערן אין בליק,
מיט הערצער אויסגעבענקט נאָך גליק.
מיר קומען אָן!
מיר קומען אָן!

מיר גייען אַלע פעסט און גרייט,
ווי ליכטיק פלאַקערט אונדזער פרייד!
מיר שלאָגן פייער אויס פון שטיין,
און ווער ס׳איז יונג, מוז מיט אונדז גיין!
מיר קומען אָן!
מיר קומען אָן!

## א

אויר — וואַסער-גראָזן
אדל־לייט — nobles
אָדער — or; vein
אדראַבע (אדרבא) — on the contrary, of course, moreover,
אויסקומעניש — לעבן, לאַגע
אויפגעהייטערט — אויפגעמונטערט
אויפגעלייגט — פריילעך, אין אַ גוטער שטימונג
אומגעלומפּערט — clumsy
אומגערן — ניט-ווילנדיק, unintentional
אומרו — inquietude; pendulum
אַזעס־פּאָנעם (עזות־פּנים) — חוצפּעניק, impudent fellow
איבערהויפּט — אין אַלגעמיין, especially, generally
אייווער (אבר; מ.—אברים) — organ, limb
איינגעצוימט — curbed, bridled
אייסעק (עסק; מ.—עסקים) — געשעפט, matter
אימפּעט — שנעלקייט, drive
אינווענטאַר — inventory
איניען (ענין; מ.—ענינים) — געשעפט, matter
איקס — X
איקער (עיקר; מ.—עיקרים) — הויפּט-זאַך, main thing
אכזאַריעסדיק (אכזריותדיק) — brutally, cruelly
אַלמאָנע (אלמנה; מ.—אלמנות) — widow
אַלקער — chamber
אַמער — בעסער, "let us rather..."
אַנבליק — אויסזען, ענלעכקייט
אַנגסט — ליידן, agony
אָנגעפּוישטע — אָנגעבלאָזענע
אַנדערהאַלבן — איינס און אַ האַלב
אָנטאָן — קליידער, to put on; clothes
אָנלען — אָנשפּאַר, support
אָנשטיין — פּאַסן
אָס (אות; מ.—אותיות) — בוכשטאַבן, alphabet
אַסיפע (אסיפה; מ.—אסיפות) — פאַרזאַמלונג, מיטינג

אָפּגעשטאַנען — מיד געוואָרן
אָפּהאַלט — obstruction, objection
אַפּטייק — drug-store
אַפּלאָדיסמענטן — plaudits, applause
אָקאָרשט — נאָר-וואָס
אָרגל — organ
אַריש — Aryan
אַרן — be concerned, care
אשירעס (עשירות) — רייכקייט

## ב

באַיאָרנט — אַלט, aged
באַל־כויוו (בעל־חוב) — debtor
באַלן (בעלן; מ.—בעלנים) — one who is willing
באַלעגאָלע (בעל־עגלה; מ.—בעלי־עגלות) — coachman
באַנדע — כעוורע, gang
באַגנוול — cotton, thread
באַצווינגען — conquer, subdue
באַצייטנס — אין צייט
באַצירן — באַפּוצן, adorn, decorate
באָרעך־האַבע (ברוך הבא) — האַלאָ, (אַ טראַדיציאָנעלע יידישע באַגריסונג)
באַשיידן — to interpret; modest, humble
באַשעפעניש — creature
בויגן — sheet of paper; to bend, bow
בוימייסטער — אַרכיטעקטאָר, architect
בויערן — drill
בייס־אוילעם (בית־עולם) — cemetery
בילבל (בילבול; מ.—בילבולים) — frame-up
ביפראַט (בפרט) — ספּעציעל, especially
בלייענע — געמאַכט פון בליי, lead
בלעך — tin
בסורע (בשורה; מ.—בשורות) — גוטע נייעס, glad tidings
בעאייס (בעת) — בעשאַס, while
בעאייס־מייסע (זע בעשאַס-מייסע)
בעגעד (בגד; מ.—בגדים) — קלייד
בעז — lilacs
בעטגעוואַנט — bedding
בעניאָכעד (בן־יחיד) — איין-און-איינציקער זון
בעסאָד־סוידעס (בסוד־סודות) — שטילערהייט, very secretly
בערזע — stock market

בעריע (בריה; מ.—בריות) — handy person
בעשאַס־מייסע (בשעת־מעשה) — meanwhile
בעשום־אויפן (בשום־אופן) — אין קיין פאַל, under no circumstances
בראָכע (ברכה; מ.—ברכות) — blessing
בראַנד — פייער
בראָקן — צעשניידן אויף קליינע שטיקלעך
ברויז — שטורעם
ברירע (ברירה) — alternative

## ג

גאָג־ומאָגעג (גוג־ומגוג) — לעגענדאַרער ריז
גאָדל (גדול; מ.—גדולים) — גרויסער
גאַזלען (גזלן; מ.—גזלנים) — מערדער, רויבער
גאָרן — שטאָק, פלאָר
גאָרער — גאַנצער
גדולע (גדולה) — פרייד, joy
גוואורע (גבורה) — שטאַרקייט, קראַפט
גוזמע (גוזמא; מ.—גוזמאות) — exaggeration
גוידער — double chin
גויסעסן (גוסס) — צאַנקען, אויסגיין
גוירל (גורל) — lot, fate
גזיילע (גזילה; מ.—גזילות) — robbery
גלייכגילטיק — indifferent
געדערים — אינגעווייד, entrails
געהילץ — האָלץ, lumber
געווירנטע (גבירנטע) — רייכע פרוי
געווערן — געדויערן, last
געטשובעט — געשלאָגן
געלאַסטשעט — petted
געלאַסן — רואיק
געמיט — mood
געמיימיסטע (געממיתטע) — געהאַרגעטע
געניסן — enjoy
געפאַטערט — פאַרשווענדט, wasted
געפאַסקנט (געפסקנט) — judged
געפויעלט (געפועלט) — אויסגעפירט
געקאַטשעט — rolled
געקרויזט — curly
געראָטן — capable; similar
גערשטן — barley
געשטאַלט — אויסזען, figure
געשיר — dishes
גראַבלען — דראַפען, scratch
גראַד — גלייך, just; even
גראַטע — bar, grate
גרויפן — קאַשע, cereal
גריבלען (זיך) — to ransack
גריווע — mane
גרייז — אַלטיטשקער, זאָקן; טאָעס

## ד

דאָר (דור; מ.—דורות) — generation
דאָרעם — south
דאַשעק — peak (of a cap)
דול — משוגע
דופטיק — שמעקנדיק, aromatic
דיימלעך — קלאָר, obvious
דינער — servant
דירע — וואוינונג
דישען — שטיקן, choke
דעהיינו (דהיינו) — אַ שטייגער, for example
דעמב — oak
דעמפּיק — נאַס, damp
דערבאַרעמען (זיך) — ראַכמאָנעס האָבן, pity
דערגיין — אויסגעפינען, go to the bottom of things
דערווידער — repulsive
דערמונטערט — אויפגעלעבט, פריילעך, revived
דערעכבערעץ (דרך־ארץ) — רעספּעקט
דערשטוינט — פאַרוואונדערט, astounded
דראָענדיק — threatening
דראַפּעלע — קראַץ, scratch

## ה

האַוואָיעס (הוויות) — שטיק, grimaces
האָזע (העזה) — חוצפּע, impudence
האַמצאָע (המצאה; מ.—המצאות) — איינפאַל
האַנאָע (הנאה) — פאַרגעניגן, enjoyment
האַקלאַל (הכלל) — in short; so, well?
האַרטנעקיק — stubborn
האַרמאַט — cannon
האַרמאָשקע — harmonica
האָרעפּאַשניק — toiler
הויך — breath; high
הויל — נאַקעט, ליידיק

הויצאע (הוצאה; מ.—הוצאות) — אויסגאבע, expenses
הורט — wholesale
הינט־שלעגער — dog-catcher
הינקען — limp
היצל — הינט-שלעגער
העליש — פייערדיק, געהענעמדיק, hellish
הענקער — executioner
העפקער (הפקר) — אן א באלעבאס, אן אויפזיכט
הרובע — furnace, oven

## וו

וואגלען — wander
וואגן — דערוועגן זיך, dare
וואכן — זיין וואך, אכטונג געבן, אפהיטן
וואלוול — ביליק, cheap
ווארעמעס — מיטאג, lunch
ווארצל — root
ווארקען — to coo
ווארשטאט — work-bench
ווייסער־כעווערניק — שטיפע־
ווייץ — wheat
ווילע — א היי-גאפל
ווירבלען — to swarm
ווירטשאפט — economy, household
וועבשטול — loom
וועל — כוואליע, wave
וועקסל — note
ווערן (זיך) — זיך אנטקעגנשטעלן, resist

## ז

זאטל — saddle
זאמען — seeds
זודיק — קאכעדיק, boiling
זויבער — ריין, ציכטיק
זוים — ברעג, border
זיקארן (זיכרון) — memory
זעגל — sail
זעלבסטמארד — suicide
זשאלעווען — ניט פארגינען, begrudge, spare

## ט

טאכטוינים (תחתונים) — הויזן
טאכלעס (תכלית) — רעזולטאט, result
טאכריכים (תכריכים) — טויטן-קליידער
טאלמיד (תלמיד; מ.—תלמידים) — שילער, סטודענט
טאם (טעם) — taste
טאמיד (תמיד) — שטענדיק, אייביק
טאמער — אויב, if
טאראקאן — cockroach
טארט — לעקעך, sponge cake
טהאם (תהום) — אפגרונט, abyss
טוואוע (תבואה) — grain
טוכלע — פייכט, ניט פריש, stale
טופען — stamp
טייגע — זייער א געדיכטער וואלד
טייגען (טענהן) — argue, charge
טליע (תליה; מ.—תליות) — scaffold
טעווע (טבע) — גענואוינהייט, habit
טעמפ — ניט שארף, ניט קלוג
טעפיך — rug, carpet
טערעץ (תירוץ; מ.—תירוצים) — אנטשולדיקונג, excuse
טפיסע (תפיסה; מ.—תפיסות) — טורמע, prison
טרייסטן — צוגעבן מוט, console
טריפן — drip
טשאבעטעס — אלטע, צעריסענע שיך
טשעמאדאן — suitcase

## י

יאווען (זיך) — זיך פלוצים באווייזן to appear suddenly
יאסעם (יתום; מ.—יתומים) — orphan
יארמעלקע — skull cap
יובל — jubilation
ייכעס (יחוס) — pedigree, family pride
יישעוו (ישוב; מ.—ישובים) — settlement
יעסורים (יסורים) — ווייטיקן, פיין
יערושע (ירושה; מ.—ירושות) — heritage

## כ

כאיונע (חיונה) — פארנאסע
כאלאט — smock, cloak
כאליאסטרע — כאפטע, כעוורע
כאלילע (חלילה) — זאל גאט אפהיטן, God forbid
כאמעצדיק (חמצדיק) — ניט פייסעכדיק
כאס וועכאלילע (זע, כאלילע)
כאסן (חתן; מ.—חתנים) — bridegroom

כאַפּטע — gang
כאַראָטע (חרטה) — regret
כוואַליע — wave
כויוו (חוב; מ.—חובות) — debt
כוילע (חולה; מ.—חולים) — קראַנקער
כוישעך (חושך) — פינצטערניש, pitch-dark
כוליגאַן — hooligan
כוצפּע (חוצפּה) — impudence
כורווע (חורבה; מ.—חורבות) — ruin, shanty
כוש (חוש; מ.—חושים) — געפיל, sense
כידעש (חידוש; מ.—חידושים) — וואונדער, surprise
כײלעק (חלק; מ.—חלקים) — טייל share, part
כײשעק (חשק) — ווילן, פאַרלאַנג, desire
כעווריע (חבריא) — גרופּע, כאַפּטע, כאַלאַיסטרע
כעוורע (חברה; מ.—חברותות) — גרופּע, מאַכנע, gang
כעסאָרן (חסרון; מ.—חסרונות) — shortcoming, fault
כראָמטשען — to crunch
כראָפּען — snore

## ל

לאָגלען — וואַסער-קרוגן געמאַכט פון פעל פון אַ בייע
לאָדן — shutter
לאַטוטניק — אַ לאַטע-לייגער
לאָם — pick
לאַנדשאַפט — landscape
לאָנקע — meadow
לאַסט — מאַסע, load
לאָפּעטע — shovel
לאָקערן — לויערן, lurk
לאָשן (לשון) — שפּראַך
לאָשעק — colt
לויטער — קלאָר, דורכזיכטיק
לײוונט — linen
לײקע — funnel
לעמאַי (למאי) — why
לעסאָף (לסוף) — צום כאָף

## מ

מאָגער — דין, slender, lean
מאַזאָליע — callous
מאַזיק (מזיק; מ.—מזיקים) — שטיפער
מאַזל-בראָכע (מזל-ברכה) — גליק
מאַטעריע — כבוירע, pus; goods
מאַטראָס — sailor
מאַיעסטעט — majesty
מאַכלויקעס (מחלוקת) — קריגערייען, quarrels
מאַכמעס (מחמת) — ווייל, because
מאַכנע (מחנה; מ.—מחנות) — אַרמיי, גרופּע, כעוורע
מאַלבעש (מלבוש; מ.—מלבושים) — קלייד, suit
מאַלעגײרען (מעלה-גירהן) — קייען און איבערקייען, chew the cud
מאַלעך-האַמאָוועס (מלאך-המות) — דער מאַלעך פון טויט
מאַנעשעך (ממה-נפשך) — at any rate, either
מאַסע (משא; מ.—משאות) — לאַסט, load
מאַסקים (זיין) (מסכים) — צושטימען, agree
מאַצייווע (מצבה; מ.—מצבות) — gravestone
מאַקע (מכה; מ.—מכות) — צאָרע, boil; trouble
מאָרדע — פּיסק, גאַמבע
מאָרע-שכוירע (מרה-שחורה) — melancholy, gloom
מויכל (זיין) (מוחל) — פאַרגעבן, forgive
מויל-אייזל — mule
מויער — הויז; וואַנט
מוירע (מורא) — שרעק, fear
מונדשטיק — mouthpiece
מיזיניק — דאָס ייִנגסטע קינד
מיזערנע — scanty, miserable
מיטלייד — ראַכמאָנעס, pity
מײכל (מאכל; מ.—מאכלים) — געריכט, dish
מיימיסן (ממית) — שלאָגן, האַרגענען
מיין — מער; באַדײטונג
מײסים-טויווים (מעשים-טובים) — גוטע טאַטן
מיירעוו (מערב) — west
מינדסטע — קלענסטע
מיסטאָמע (מסתמא) — probably
מיצווע (מצווה; מ.—מצוות) — גוטע טאַט
מיצרײעם (מצרים) — עגיפּטן
מירמלשטיין — marble

מעיאַשעוו (זיין זיך) (מיישב) —
consult

מעיוכעס (מיוחס; מ.—מיוחסים) —
יאַכסאָנים, די וואָס גרויסן זיך מיט זייער ייכעס

מעכאַבעד (זיין) (מכבד) — אויפנעמען,
treat

מעכוטן (מחותן; מ.—מחותנים) —
דער קאַלעס אָדער דעם כאָסנס עלטערן

מעכטיק — שטאַרק

מעכילע (מחילה) — אַנטשולדיקונג,
pardon

מעלאַמעד (מלמד; מ.—מלמדים) —
רעבע, teacher

מעלוכע (מלוכה; מ.—מלוכות) —
country, government

מעס (מת; מ.—מתים) — טויטער

מעסוכן (מסוכן) — געפערלעך

מעסלעס (מעת־לעת) — 24 שאָ

מעציע (מציאה; מ.—מציאות) —
bargain

מעקוייעך (מכוח) — וועגן, concerning

מעשאָרעס (משרת; מ.—משרתים) —
clerk

מעשומעד (משומד; מ.—משומדים) —
איינער וואָס שמאַדט זיך, ווערט אויס ייד.

## נ

נאַגייקע — בייטש, קאַנטשוק

נאָווי (נביא; מ.—נביאים) — prophet

נאַכטלעגער — lodging

נאַכעס (נחת) — פאַרגעניגן, joy

נאָרע — den

נודיען — to annoy, pester

נייטאָרין — שניידערין, dressmaker

נישקאָשע (נישקשה) — ניט שלעכט, ס'מאַכט ניט אויס,
not bad, never mind, it doesn't matter, it's quite all right

נעגידישע (נגידישע) — גווירישע, רייכע

נעדאָווע (נדבה; מ.—נדבות) —
alms, donation

נעט — שטעך stitches; neat

נעסיע (נסיעה; מ.—נסיעות) — רייזע,
voyage

נעפל — טומאַן, fog

נעפעש (נפש; מ.—נפשות) —
באַשעפעניש

נעץ — net; moisture

## ס

סאָד (סוד; מ.—סודות) — secret

סאַזשע — soot

סאַכאַקל (סך־הכל) — רעזולטאַט,
net result, total

סאָנע — scythe

סאַמע — only, purely

סאַמעט — velvet

סאָפּען — pant

סאָף־קאָל־סאָף (סוף־כל־סוף) —
ענדלעך, finally, at last

סאָפעק (ספק; מ.—ספקות) — doubt

סאַקאָנע (סכנה; מ.—סכנות) —
געפאַר, danger

סווייווע (סביבה) — environment

סווישטשען — פייפן, whistle

סטאַדע — herd

סטויג — stack

סטוק — knock

סטעליע — ceiling

סטראַשען — threaten

סיבע (סיבה; מ.—סיבות) — אורזאַך,
cause

סידער (סידור; מ.—סידורים) —
יידיש געבעט-ביכל, prayer-book

סייפער (ספר; מ.—ספרים) — בוך

סימכע (שמחה; מ.—שמחות) —
פרייד, joy; party

סימען (סימן; מ.—סימנים) — צייכן
sign

סכוירע (סחורה; מ.—סחורות) —
merchandise

סמאָלע — tar

סמיטשיק — bow (of violin)

סמעטענע — cream

סעמעטשקעס — קערלעך, polly-seeds

ספאָדיק — אַזאַ מין היטל

ספרוזשינקעלע — spring

סקרוך — shiver

סקריפּען — squeak

## ע

עגבויער — drill

עלנבויגן — elbow

עלנט — איינזאַמקייט, loneliness

עלעהיי — suppose, make believe

עקלהאַפט — מיעס, repulsive, ugly

ערעוו־פּייסעך (ערב־פסח) — דער טאָג פאַר פּייסעך, on the eve of

ערעוו־שאַבעס (ערב שבת) — טאָג פֿאַר שאַבעס

## פּ

פּאָדלאָגע — דיל, floor
פּאָדעשווע — זויל, sole
פּאַוואָלינקע — לאַנגזאַם, slowly
פּאָליצע — shelf
פּאָלירט — polished
פּאַסמאַקעווען (זיך) — באַלעקן זיך, האַנאָע האָבן
פּאָרען (זיך) — tinker
פּאַרענטשע — balustrade
פּאַרקאַן — fence
פּאָרקען — tinker, touch
פּאַרשוין — פּערזאָן
פּוד — 40 פֿונט
פּודעלע — box
פּויזען — crawl
פּויעלן (פּועלן) — אויספֿירן;
פּולווער — gun-powder
פּושקע — box
פּיאַטע — heel
פּיזמען (פּזמון; מ.—פּזמונות) — איבערכאַזערן אַ זאַך פֿיל מאָל, exaggeration
פּיגערן (פּגרן) — שטאַרבן (בלויז ווען מ׳רעדט וועגן אַ כייע)
פּיפּכ — slight sound
פּלאַפּלען — prattle
פּלודערן — הויזן
פּלויט — פּאַרקאַן, fence
פּליוך — אַ גאָס
פּליעסקען — applaud
פּראַצעווען — אַרבעטן שווער, toil
פּראָשקעס — medicinal powder
פּרוטקעלע — צווייגעלע
פּריצים — noblemen
פּרעגלען — fry

## פֿ

פֿאַטשיילע — טיכל, kerchief
פֿאָטעל — easy chair
פֿאָכען — to fan
פֿאָכער — fan
פֿאַלד — fold
פֿאַליע — כוואַליע, wave
פֿאַנג — catch
פֿאַרגליווערט — דערשראָקן; פֿאַרשטיינערט, פֿאַרקילט
פֿאַרדראָס — aggravation, anger
פֿאַרהער — examination
פֿאַרוואָרלאָזטער — פֿאַרלאָזטער, אָרעמער, homeless person
פֿאַרטאַרעראַמט — busy
פֿאַרטיליקן — annihilate
פֿאַרטרויען — דערציילן אַ סאָד, confide
פֿאַרכידעשט (פֿאַרחידושט) — amazed
פֿאַרלוסט — loss
פֿאַרצווייפֿלונג — ייִעש, despair
פֿאַרצערן — consume
פֿאַרכישעפֿט (פֿאַרכישופֿט) — פֿאַרצויבערט, spellbound
פֿאַרשמאַכט — אָפּגעשוואַכט, פֿאַרכאַלעשט
פֿוטערנע — געמאַכט פֿון פֿוטער, fur
פֿורמאַן — באַלעגאָלע, coachman
פֿי — cattle
פֿיאַלקע — violet
פֿיטערן — פּאַשען, graze
פֿייעטאָנדל — קאַרעטע, carriage
פֿייף — pipe
פֿלייץ — פֿאַרפֿליצונג, flood
פֿליסן — flow
פֿלעדערוויש — אַ בעזעמל פֿון פֿעדערן

## צ

צאַנקען — flicker, to die out
צאַר (צער) — פּיין, grief; czar
צוואָגן — וואַשן די האָר
צווילינג — twins
צוטרוי — גלויבן, confidence
צויכל — bridle, barrier
צונעמעניש — nickname
צוק — twitch
צורע (צורה; מ.—צורות) — פּאָנעם, געזיכט
צושטיקעווען — צוניִען, צולאַטען
ציגל — brick
ציטערדיק — שרעקעדיק, shaky
צײלעם (צלם; מ.—צלמים) — cross
ציך — pillow-case
צימערינג — cinnamon
ציפֿערבלאַט — face (of a clock)
ציקל — cycle; trill
צישען — hiss
צעטראָגן — אויפֿגערעגט, excited, upset
צעלאָכעס (צו־להכעיס) — spite

צעפּאַטלט — dishevelled
צעשויבערט — גיט-פּאַרקעמט, dishevelled

## ק

קאָוועד (כבוד) — עירע, רעספּעקט
קאַטאָוועס — שפּאַס
קאַטאַר — פאַרקילונג, cold
קאַטעווען — שלאָגן, beat
קאָטער — male cat
קאַלומעט — calumet
קאַלופּען — pick
קאַליע — spoiled
קאַליקע — קריפּל
קאַלכן — whitewash
קאָמאָד — chest of drawers
קאָמאַנדע — כעוורע, gang, team
קאַמער — chamber
קאַנאַהאָרע (קיין עין הרע) —
קיין בייז אויג ניט
קאַנדעלאַברע — chandelier
קאָנטיק — obvious
קאַנצעלאַריע — אָפּיס
קאַסיר — treasurer
קאַסן (כעסן) — אי נער וואָס קאַסט זיך
קאַסע — treasury
קאַפּאָטע — ראָק
קאָפּיטע — hoof
קאָפּיקע — אַ רוסישע מאַטבייע
(אַ האַלבער סענט)
קאָרבן (קרבן; מ.—קרבנות) — victim
קאַרג — stingy, insufficient
קאָרע — bark
קאַרעטע — carriage
קאַשקעט — היטל
קודלאַטע — fuzzy
קוואַל — source, spring
קוואָרט — quart, dipper
קוויקן (זיך) — enjoy
קוועלן — beam with joy, be delighted
קוידעם (קודם) — פריער, first
קויט — filth, dirt
קוילן — שעכטן, kill; coal
קויש — קאָרב, basket
קולאַק — פויסט
קונדעס (קונדס; מ.—קונדסים) —
שטיפער
קופּיי — compartment
קוראַזש — courage
קורצזיכטיק — nearsighted
קיטייַ — כינע (רוסיש)
קיטל — cloak
קיטש — אַוועק, "scram"
קייווער (קבר; מ.—קברים) — grave
קינסטלעך — artificially
קינע (קנאה) — envy
קירזשנער — היטלמאַכער, capmaker
קירעווען — steer
קלאָלע (קללה; מ.—קללות) — curse
קלאָמפּערשט — קלוימערשט,
supposedly, allegedly
קלויסטער — קירכע, church
קליאַטשע — mare
קלי־זייִען (כלי־זיין) — וואָפן, arms
קלייטל — קרעמל, געוועלבל
קלעזמער — musicians, band
קלעקן — זיין גענוג, last
קנאָספּ — bud
קנאַפּ — וויניק
קנויט — wick
קעסט — board
קעסיידער (כסדר) — שטענדיק,
always, regularly
קראַוואַט — שניפּס, tie
קראָליק — rabbit
קראַמף — cramp
קרייץ־צוג — crusade
קרעטשמע — inn
קרעל — scratch
קרעמל — געוועלבל, קלייטל

## ר

ראָב — raven
ראַבויסיי (רבותי) —
ladies and gentlemen
ראַבע — געפלעקטע
ראַכע — נעקאָמע, revenge
ראַש (רעש) — טומל
רובל — ruble
רוגזע (רוגזה) — anger, wrath
רודערן — steer, row
רוט — whip
רודפן (רודפן) — פאַרפאָלגן,
persecute
רוציייעך (רוצח; מ.—רוצחים) —
מערדער
רועך (רוח; מ.—רוחות) — שעד, טייוול
רידל — לאָפּעטע, shovel

ריטשען — שרייען
ריישים (ראשית) — first of all
ריכטער — judge
רינד — cattle
רעגע (רגע) — סעקונדע
רעטאָנדע — מאַנטל
רעלס — שינע, track
רעמל — frame
רעפוע (רפואה; מ.—רפואות) —
מעדיצין, cure, prescription
רעציחע (רציחה; מ.—רציחות) —
מערדעריי, בייזקייט
רעצעפט — מעדיצין, prescription
ראָשע (רשע; מ.—רשעים) — evil man

## ש

שאכט — mine
שאָפלדיק (שפלדיק) — abject
שואוואַקס — shoe polish
שוויגער — mother-in-law
שווינדזוכט — טובערקולאָז, consumption
שווענקען — rinse
שווער — father-in-law
שוים — foam
שוצגראָבן — טראַנשיי, trench
שושקען — שעפטשען, whisper
שטאַמען — roots; originate, descend
שטאַנג — bar, pole
שטעגל — וועגל, path
שטענגל — צווייגל
שטעפּן — stitch
שייד — sheath
שייטל — שטיק האָלץ; פּאַרוק, wig
שייער — barn
שינדן — to skin
שינעל — סאָלדאַטישער מאַנטל
שיצן — protect
שליאַך — וועג
שמאַד — דאָס שמאַדן זיך, דאָס ווערן
אויס ייד
שמעטערלינג — butterfly
שנור — daughter-in-law
שניפּס — קראַוואַט, tie
שנעקעלע — קליינטשיקער, פּיצעלע
שעם (שם) — נאָמען, רעפּוטאַציע
שענק — bar, inn
שענק־פאַס — wine-barrel
שעפּטשען — שושקען, whisper
שעפע (שפע) — abundance
שפּאָרן — save; spurs
שפּיז — spear
שפּייכלער — granary
שפּינען — spin; spiders
שפּירן — feel
שפּראָצן — sprout
שרעטל — gnome

# אינהאַלט:

## קונסט-בילדער:

# צו די לערער

„מיין בוך" IV איז אַ לייען־בוך פאַר דעם פערטן קלאַס פון דער עלעמענטאַר־שול. דאָס הייסט פאַר קינדער פון 12 ביז 14 יאָר, וואָס האָבן דורכגעמאַכט דריי יאָר עלעמענטאַר־שול און וואָס דאַרפן זיך גרייטן אַריינצוגיין אין דער מיטלשול.

דאָס בוך האָט דריי אָפּטיילן. מיר האָבן געצילט, אַז יעדע טייל זאָל פיל וויניק זיין גאַנץ אין זיך און זאָל פאָרשטעלן מיט זיך אַ באַזונדערן איינס. אין די דריי טיילן צוזאַמען באַקומען זיך די דריי גרונט־טעמעס, וואָס מיר האָבן געוואָלט איבערגעבן: דאָס יידישע קינד אויף ביידע זייטן יאַם; אַ בילד פון יידישן לעבן אויף דער און אויף יענער זייט יאַם; דער קאַמף פון מענטשן פאַר אַ בעסער לעבן. ווי ווייט דאָס איז אונדז געלונגען וועט דער לערער דאַרפן מישפּטן.

אין די אָפּטיילן האָבן מיר ניט אָפּגעהיט קיין צייט אָדער געאָגראַפישע אָפּגרענעצונגען, נאָר מיר האָבן אונדזער מאַטעריאַל קלאַסיפיצירט לויטן אינהאַלט. אין די ברייטע טעמעס זיינען אָבער פאַראַן אַ צאָל סוב־טעמעס, וואָס דער לערער קאָן באַזונדער אַרויסשיילן, ווען דאָס זאָל אים נייטיק זיין. אַזוי קאָן ער, לעמאָשל, צוזאַמענגעמען אַ פינף־זעקס זאַכן, קעדיי צו קריגן די טעמע דאָס יידישע קינד אין דער אַלטער היים, דאָס קינד אין אַמעריקע, מילכאָמע, סוועט־שאַפּ, ראַסן־גלייכקייט און אַנדערע. אַזוי אַז כאָטש מיר האָבן זיך באַמיט צו האַלטן טעמאַטיש־נאָענטע זאַכן צוזאַמען, מוז דער לערער דאַפקע נישט נאָכפאָלגן די געגעבענע אָרדענונג אין בוך.

דער לערער וועט אין זיינע באַגלייט־שמועסן דאַרפן ברייט דערגאַנצן די באַגריפן, וואָס די קינדער קריגן פון דער געלייענטער זאַך, און זיך אויך אָפּשטעלן אויף די ביאָגראַפיעס פון אַ צאָל שרייבער, וועמעס אַרבעטן עס גייען אַריין אין בוך.

דאָס ווערטער־ביכל דאַרף באַנוצט ווערן פון די קינדער זעלבסטשטענדיק. עס דאַרף זיין דעם לערערס ציל אויסצולערנען די קינדער זיך אַליין מיט דעם צו באַנוצן.

דאָס בוך איז איצט אין די הענט פון די שילער און די לערער. זיי וועלן דאַרפן מישפּטן איבער די מיילעס און כעסרוינעס פון דעם בוך. מיר ווילן בלויז איין זאַך בעטן: שיקט אונדז אַריין אַלע אייערע אָנווייזונגען, אַלע פאָרשלאָגן פאַר אויסבעסערונגען, מאַכט אונדז אויפמערקזאַם אויף אַלע טאָעסן, וואָס האָבן זיך מעגלעך אַריינגעכאַפּט אין בוך. שרייבט די צוזאַמענשטעלער אויפן אַדרעס פון פאַרלאַג פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן, 80 פינפטע עוועניו, ניו יאָרק.

די צוזאַמענשטעלער.